# לובץ' ודלטיץ'

## ספר זכרון

העורך: ק. הלל

הוצאת ארגון יוצאי לובץ' ודלטיץ' בישראל
תשל"א – 1971

# LUBTCH - DELATITCH

## IN MEMORY OF THE JEWISH COMMUNITY

Edited by:
K. HILEL




סודר במסדרת "ספרוני" — טל. 524767, חיפה

נדפס "המדפיס החדש" — חיפה.

ניעמאן
תרבות
בתי מדרשים
טארטאק
מיל
מארק
דעלאטיטשער גאס
שלאס גאס
פיש גאס
קלינבאן
שרטט ינקילביץ לפי הזכרון
מארק
אטשוקעוויטשער גאס
קלויסטער
קאפושטשעווער גאס
גמינע
נאוארעדקער גאס
בית קברות

המפה של לובץ׳ — די מאפע פון לובטש.

מאסשטאב

רוסיש-פוילישער גרענעץ (ביז 1939)

באן ליניע

קליין-באן ליניע

טייכן

שטעט

שטעטלעך

סטאנציעס און אנדערע פונקטן

מפת צפון־מזרח פולין (1939).

"ונתתי להם בביתי ובחומתי יד ושם"
ישעיהו נ"ו ה'

תפקידה של ספרות החורבן היא לא רק לספר, אלא להזכיר ולא לתת לשכוח את אשר הנאצים ועוזריהם הנאמנים, — פולנים, אוקראינים, בילורוסים, לטבים, ליטאים ועמים אחרים, — עוללו ליקירנו, הורים אחים, אחיות, סבים וסבתות, דודים ודודות, אשר חיינו היו קשורים ושזורים בחייהם, בקשר הקדוש של משפחה, והשתייכות לאומית.

להנציח לדורות זכר הנכחדים, לא לשכוח ולא לסלוח לרוצחיהם ולחנך ברוח זו את הדורות הבאים, דור אחר דור, לנטוע בלבותיהם רגש של כבוד לאבותיהם, לשנוא את הגלות ולאהוב את החופש והעצמאות אשר זכינו בו שוב במדינת ישראל — גאוותנו הלאומית.

לכן אנו מוציאים לאור ספר זה — חוליה בשרשרת הזהב של העבר היהודי, אשר בלעדיו אין גם משמעות ותוכן לעתידנו.

כפי שטיפת מים משקפת את הים, כן משתקפים ההווי ואורח החיים של יהודי מזרח אירופה, בזכרונות, בספורים, בתיאורים ובחוויות של האנשים הפשוטים משורות העם, על משפחותיהם, עיירותיהם וקהלותיהם, מהם נותרו תלי אפר וחורבות.

בהערצה ויראת־הכבוד לעברנו, הננו מוסרים ספר זה לידי שארית-הפליטה של לובץ' ודלטיץ', ובידי הדור הצעיר, אשר יוסיף חוליות לשרשרת הזהב של יצירה וקיום יהודי.

מי יתן וספר זה ימלא יעודו.

אמן!

די אויפגאבע פון דער חורבן-ליטעראטור איז ניט נאָר צו דערציילן, נאָר דער עיקר צו דערמאָנען און ניט לאָזן פארגעסן, דאָס וואָס די דייטשן מיט זייערע טרייע שותפים — פּאָליאקן, אוקראַינער, ווייסרוסן, לעטן, ליטווינער, און אנדערע רוצחישע פעלקער — האָבן געטאָן מיט אונדזערע נאָענטסטע: עלטערן, ברידער, שוועסטער, זיידעס און באָבעס, פעטערס און מומעס — די אלע מיט וועלכע אונדזער לעבן איז געווען געקניפּט און געבונדן, דורכן הייליקן בונד פון משפחה, קרובהשאפט און נאציאָנאלער אָנגעהעריקייט.

געדענקען לדורות די פארשניטענע, ניט לאָזן פארגעסן און קיינמאָל ניט מוחל זיין זייערע רוצחים, דערציען אין דעם גייסט די יונגע דורות, פלאנצן אין זיי א געפיל פון כבוד צו זייערע אָבות, האסן דעם גלות און נאָך מער ליבן די אויפגעריכטע זעלבסטשטענדיקייט, אונדזער נאציאָנאלן שטאָלץ — מדינת ישראל.

אָט צוליב דעם גיבן מיר ארויס דעם ספר, א קליין רינגעלע אין דער גאָלדענער קייט פון עברדיק יידיש לעבן, אָן וועלכן ס'קען אויך ניט האָבן קיין זין און תוכן דער עתיד.

פונקט ווי אין א טראָפּן וואסער שפּיגלט זיך אָפּ דער ים, אזוי שפּיגלט זיך אָפּ דאָס יידישע לעבן אין מזרח אייראָפּע, אין די זכרונות, דערציילונגען, שילדערונגען און איבערלעבונגען פון די פּשוטע פאָלקס־מענטשן, וועגן זייערע יידישע היימען, שטעט, שטעטלעך און יישובים, פון וועלכע ס'זיינען פארבליבן נאָר חורבות און בערג מיט אש.

מיט א געפיל פון פּיעטעט און יראת־הכבוד פאר אונדזער עבר, גיבן מיר איבער דעם ספר, צו דער שארית הפליטה פון לובטש און דעלאטיטש, און אויך צו דעם יונגן דור אונדזערן, וועלכער וועט פאַרזעצן צו שמידן נייע רינגען, אין דער גאָלדענער קייט פון יידישן קיום און שאפן.

לאָמיר האָפן, אז דער ספר וועט זיין שליחות דערפילן.

אָ מ ן !

# לתולדות העיירה לובץ'

לובץ' — עיירה במחוז נובוגרודק, פלך מינסק, על נהר ניימן, שוכנת שישה מילין מנובוגרודק. הישוב קדום מאוד. לפי ההנחות של כותבי דברי הימים הליטאים, היה זה התלמיד של יאצק אודרובונז', הויט, הכומר המבורך שבקרקאו, גם כומר דומיניקני שהיה מכהן בליטא בזמן עבודת אלילים בזמנו של מנדוג, כאשר קבל קבלת-פנים ידידותית בלובץ' אצל אגדז'יי קיאן, מהגר מוכר מקיוב. הוא יסד שם כנסיה קתולית ומיסיון דומיניקני ("זכרונות רוחניות" כרך 3, עמוד 24). אבל נרבט מניח כי בלובץ' היתה הקטדרה הבישופית הראשונה בזמנו של מנדוג, דבר שאינו מתאים למציאות, ולכל מקורות הבקורת. (כרך 4, תוספת, עמוד 10). עובדות אלו מוכיחות שלובץ' היא עיירה קדומה.

עד לסוף המאה ה-15 היתה העיירה שייכת לאחוזות של הדוכס הגדול, עד שאלכסנדר יגלונצ'יק העניק אותה כמתנה בשנת 1499, למזכירו פדק ברפטוביץ. בשנת 1528, עברה העיירה — במכירה — לאלברכט גסטולד, הוויוודה של וילנה, ובשנת 1547, עברה לבעלותו של יאן קישקה, האביר הגדול של ליטא שהיה אוהד ידוע של "אריאניזם" בליטא. בשנת 1592, יסד בלובץ' בית-דפוס להוצאת ספרי דת לא קתוליים. המדפיס הראשון שלו היה פיוטר בלסטוס קמיטה. אחר כך היה בנו יאן קמיטה, והשלישי היה יאן לאנגה האבנגלי. בית הדפוס שהיה בהתחלה אך ורק דיסידנטי (בניגוד), ואחר כך אריאני מובהק, הפסיק את פעולתו בשנת 1655 בגלל מלחמות ומגיפת הדבר. דברי הדפוס יצאו בפולנית ולטינית ויותר מ־10—15 ספרים הידועים היום הם יקרי המציאות.

המלך זיגמונט ה-3, על פי בקשתו של קישקה, אז כבר נציב המבצר של וילנה, על יסוד הזכויות של שנת 1590, העניק ללובץ' זכויות של מגדבורג: סמל מיוחד, קבע ירידים וכו', בעל העיירה הקים לו טירה מאבנים על שפת נהר הניימן, דבר שהאדיר את רושם העיירה שנראתה

מבוצרת וחיה בשפע. מצב השגשוג הנ"ל ארך כמה עשרות שנים. בשנת 1606, נתנה העיירה לובץ' במתנה לבית רדזיביל. על פי דרישת אחד הרדזיבילים — יאנוש — העניק המלך ולדיסלב ה-4, בשנת 1644, ללובץ' זכויות מגדבורג, קבע ימי שוק וירידים. אבל בזמן שלטונו של יאן קזימיזש, בגלל התבוסות במלחמות, נשארה לובץ' הרוסה בלי תושבים. לובץ' שקעה במצוקה ממנה לא יכלה להשתחרר. הטירה של קישקה נעזבה ונחרבה, זכויות מגדבורג בוטלו, ומשני ירידים נשאר רק יריד אחד לשנה, יריד הסוסים ביום של אליאש הקדוש.

היום העיירה היא עניה, למרות שהיא שוכנת בצומת מסחרי ותעשיתי נוח ביותר. האוכלוסיה היהודית מתעסקת בסחר קמעוני, בחלקה עוסקים במלאכה: חייטות, סנדלרות, נגרות וקליעת חבלים. קיים פה מפעל לא גדול של לכה, המנוהל ע"י יהודים. ישנם בעיירה 179 בתים, מהם שייכים לנוצרים 75, והיתר למחזיקי המסורת (יהודים). הנוצרים עוסקים בעיקר בחקלאות ומספר לא גדול בטויה. יש לתעשיה זו אפשרות להתפתח, כי יודעים פה לעשות בד בשם "חמישימיות" המצטיין מעל לבד ההולנדי, למרות שעושים אותו ביד, בבתי מלאכה פרימיטיביים, ומטוויות אין להם כלל. עד כה ספקו להם חוטים, רק אכריות בתור אריסות או בתור מס. האורגים המקומיים תלויים בארמונות ובאכריות המביאות את החוטים למכירה.

**ב.מ.ס.**

**תורגם מפולנית מתוך "אנציקלופדיה פובשכנה",**
**וארשה, 1864, עמודים 313—312.**

פ. קאַן

# דאָקומענט וועגן ייִדישן יישוב אין לובטש

פאַרעפנטלעכט אין "ייוואָ בלעטער"
דריטער באַנד, יאַנואַר — מאַי, 1932.

אין די כראָניקעס ווערט לובטש דערמאָנט שוין אין מיטן פונעם 13־טן יאָרהונדערט. אין יאָר 1547, איז דאָס שטעטל געוואָרן דאָס אייגענטום פון פוילישן מאַגנאַט (וויעלקי קראַיטשי ליטעווסקי) יאַן קישקאַ, וועלכער איז געווען ווייט באַקאַנט מיט זיין עשירות און פרייגייסט און איז געווען בפרהסיא אַן אָנהענגער פון אַריאַניזם [1].

דער זעלבער קישקאַ האָט אין יאָר 1592, געגרינדעט אין לובטש אַ דרוקעריי, וואָס אין איר זיינען געדרוקט געוואָרן אין דער פוילישער און לאַטיינישער שפּראַך אַנטי־קאַטוילישע ווערק, וואָס זיינען היינט גרויסע ביבליאָגראַפישע יקר־המציאותן. בדרך מתנה איז לובטש אין יאָר 1606, אריבער אין רשות פון די ראַדזיווילס און פון זיי, אין סוף פונעם 18־טן יאָרהונדערט — אַלס אייגענטום לדורות, צו דער מאַגנאַטן משפחה סאַפּיעהאַ.

ייִדן האָבן געוווינט אין לובטש פון לאַנג אָן, וועגן דער התחלה אָבער פון יידישן יישוב אינעם דאָזיקן שטעטל איז אונדז גאָרניט באַקאַנט.

צווישן די מאַטעריאַלן פון דער אַזוי-גערופענער "ראַדזיוויל-קאַמי-סיע" [2] אין ווילנע האָב איך געפונען אַן אַקט [3], וואָס איז נוגע דעם יידישן יישוב אין לובטש אין 17־טן יאָרהונדערט. דאָס איז אַן אָריגינאַל מיט אַ פּריווילעגיע, וואָס קאַזשימיעזש יאַן סאַפּיעהאַ [4] האָט אין יאָר 1690 אַרויסגעגעבן דעם באַפולמעכטיקטן פון לובטשער קהל, דעם אַרענדאַר אברהם האַשקעוויטש.

עס איז דעמאָלט געווען נאָך אַ גרויסע שריפה אין שטעטל, ווען עס זיינען אויך אָפּגעברענט געוואָרן ביז צום גרונט, די שול מיט די צוגעהעריקע בנינים, דער מרחץ און דאָס בית-הקברות. כדי אַרויס־

צובאקומען פון סאפיעהאן, וועלכער איז געווען דער אייגענטימער פון שטעטל, א דערלויבעניש אויף אפצובויען די שול האט זיך צו אים געווענדעט דער אויבנדערמאנטער הויף-ארענדאר, אברהם האשקעוויטש. דער ארענדאר האט אויסגענוצט דעם שעת הכושר און האט שוין פאר־איינוועגס געבעטן סאפיעהאן, צו שענקען די לובטשער יידן די רעכט און פרייהייטן, וואס ס׳האבן אין יענער צייט געהאט די יידישע קהלות אין גרויספירשטענטום ליטע [5].

אברהם האשקעוויטש האט די זכיות אויסגעפועלט, און אין דער פריווילעגיע פון 30־סטן יאנואר, 1690, וואס סאפיעהא האט ארויסגעגעבן אין ווילנע לייענען מיר :

״אלעמען און יעדן, ווער עס וועט יעצט און אין די קומענ־דיקע דורות דארפן וועגן דעם וויסן, מענטשן פון אלע ראנגען, גייסטיקע און וועלטלעכע שטאנדן, די בירגער פון מיין ירושה שטאט לובטש. ביים היינטיקן טאג און שפעטערדיקע צייטן, בין איך מודיע דורך דעם דאזיקן עולמותדיקן פריווילעגיע אקט, געגעבן דעם קהל פון די לובטשער יידן, אז נעמענדיק אין באטראכט דעם גרויסן חורבן, וואס גאט האט דערלאזט אין דער שטאט דורך א שריפה, וואס בשעת איר איז פארברענט געווארן די שול פון די לובטשער יידן מיט אלע בנינים ביזן פונדאמענט און היות, מחמת דעם האט אין נאמען פון גאנצן קהל זיך אונטערטעניק געווענדעט אברהם האשקעוויטש, דער לובטשער ארענדאר, און געבעטן א פריווילעגיע אויף אויפצובויען א נייע שול און אויך צו באשטעטיקן אנדערע פרייהייטן, אזוי־ווי עס האבן אנדערע קהלות אין גרויספירשטענטום ליטע, דעריבער האב איך צוגענייגט זיך מיט חסד צו זיין בקשה און רעספעקטירנדיק זיין גוטווינטשענדיקן און געטרייען דינסט, דערלויבט דעם דערמאנטן אברהם האשקעוויטש און די אנדערע יידן, וואס וווינען דא יעצט, כדי צו פארברייטערן דעם יישוב פון דער שטאט, אראפצוברענגען פון אנדערשוווּ יידן אויף צו וווינען, צו בויען אדער צו מויערן א שול מיט אלע בנינים, וואס

זיינען דערצו נייטיק מיט א געוועלבטער ווייבער־שול, אלץ לויט זייער אייגענעם ווילן, אויך א מקוה זון א ווייבערשע באָד און אויפצושטעלן די מצבות אויף די פריערדיקע ערטער אָן שום אָפּצאָלן און התחייבותן פאר די דאָזיקע ערטער. בלויז פאר די פלעצער וואָס זיי אליין ווינען אויף זיי, זיינען זיי מחויב איינצוצאָלן צינזש אין מיין קאסע לויטן אינווענטאר, ניט האָבנדיק קיין שום אנדערע התחייבותן, זיי זיינען פריי צו געבן דירות פאר זעלנער, סיידן ווען איך אליין בין אין שטאָט, קענען זיי (די זעלנער) האָבן (ביי יידן) בלויז סטאנציע אָבער אָן שום לעבנסמיטלען. מיט משפטים דארפן די יידן קומען אין לובטשער הויף פארן פארוואלטער מיטן פרייען רעכט צו אפעלירן נאָך זיין אורטייל צו מיר און צו מיינע קאָמיסארן. די משפטים דארפן ניט פאָרקומען אין די טעג פון יידישע ימים־טובים, מארק־טעג און ירידים. אויך דאָס גאראנטיר איך זיי, אז לויט די פון לאנג איינגעשטעלטע מנהגים, מעגן זיי פריי האלטן ברייזער און מאלץ־הייזער און פארקויפן אלערליי משקאות אָן שום שטער מצד דעם ארענדאר, וואָס זיי דארפן אים ארייננטראָגן דעם געהעריקן אָפּצאָל. זיי מעגן זיך פריי פארנעמען מיט אלערליי מלאכות צום אייגענעם נוצן, אָן שום שטער פון וועמען עס זאָל ניט זיין... אויך מעגן זיי מיט זיכערקייט עוסק זיין אין האנדל און ברענגען, סיי מיט דער יבשה און סיי מיטן וואסער, וועלכע סחורות זיי ווילן און אויך האלטן אין דער שטאָט קראָמען און פארקויפן, נאָכן ארייננטראָגן אין די צאָל־קאמערן דאָס וואָס עס קומט דעם מלוכה־אוצר. די אלע פרייהייטן, וואָס זיינען זיי געגעבן געוואָרן דורך דעם פריווילעגיע־אקט, דארפן ניט אָנגערירט ווערן ניט דורך מיר און ניט דורך מיינע יורשים און מיר דארפן זיי האלטן אויף אייביקע צייטן. דערויף געבנדיק דעם דאָזיקן פריווילעגיע־אקט, שרייב איך זיך אונטער ביי מיין זיגעל־חתימה.

געגעבן אין ווילנע דעם דרייסיקסטן יאנואר, 1690־סטן יאָר.

**(—) קאזשימיעזש סאפיעהא**

**גרויסהעטמאן פון גרויספירשטענטום ליטע**

**(—) סאפיעהא** **(—) סאפיעהא**

**העטמאן פון גר׳ ליטע״**

די פריווילעגיע איז געשריבן אויף א פארמעט פון 43×35,5 צ״מ. אויף א זיידענער שנור הענגען צוויי קיילעכדיקע זיגלען און באזונדערע פּוטעראלן פון די משפחות סאפיעהא און ראדזיוויל.

אויפן ראנד פון פארמעט געפינט זיך א שפּעטערדיקע צושריפט, וואָס באווייזט, אז דעם דריטן אויגוסט, 1797, האָבן אברהם בן העשל און יצחק בן הירש, אין נאָמען פון לובטשער קהל, צוגעשטעלט דעם אָריגינאַל פון דער פריווילעגיע כדי צו פארשרייבן אין די אקטן פון נאָווארעדאָקער פּאָוויאט.

נאָך דער דערמאָנטער שריפה האָט לובטש, ווייזט אויס, גיך זיך אָפּגעבויט און דער יידישער יישוב האָט זיך דאָ פארגרעסערט. אויפן ועד צוזאמענפאָר פון די הויפּט קהלות אין די ליטווישע מדינות[6]), וועלכער איז פאָרגעקומען אין אינדור (אמדור, גראָדנער פּאָוויאט: מ.צ.) און האָט זיך אויך פארנומען מיטן פונאנדערלייגן אויף די באזונדערע קהלות דעם קאָפּשטייער, וואָס האָט באטראָפן פאר אלע יידן אין ליטע זעכציק טויזנט פוילישע גילדן, איז באשטימט געוואָרן אויף לובטש מיט די נאָענטע יישובים א סכום פון 800 גילדן. דער ועד־צוזאמענפאָר פון די ליטווישע קהלות אין מיר, הארבסט 1751, האָט ארויפגעלייגט אויף לובטשער קהל 510 פוילישע גילדן קאָפּשטייער.

---

1) אריאניזם איז אן אפּיקורסישע שיטה אין קריסטענטום, וואָס איז אויפגעקומען אין אָנהייב פונעם פערטן יאָרהונדערט, דער בישוף פון אלעקסאנדריע, אריוס, (געשטאָרבן 336), האָט געלערנט, אז גאָט דער זון איז ניט איינס מיט גאָט דעם פאָטער. דאָס איז געווען אין סתירה צו דער אָנגענומענער דאָגמאטיק פון דער קריסטלעכער אמונה. די פעלקער, וואָס זיינען ארונטערגעפאלן דער השפעה פון דער אריאנישער שיטה, האָבן זיך באצויגן טאָלעראנטער

צו אנדערשגלויביקע בכלל און צו יידן בפרט. אין אמאָליקן פוילן איז געווען א צייט ווען די אריאנישע שיטה האָט געהאט א סך אָנהענגער צווישן די געלערנטע פון דער שליאכטע.

2) די "ראדזיוויל קאָמיסיע" איז געשאפן געוואָרן דורך אן אוקאז פון אלעקסאנדער דעם ערשטן, און איר אויפגאבע איז געווען צו ברענגען אין אָרדענונג די פארפלאָנטערטע ירושה עניינים פון דאָמיניק ראדזיוויל, וועלכער איז געפאלן אין דער מלחמה, קעמפנדיק אויף נאפאָלעאָנס צד. די קאָמיסיע האָט עקזיסטירט פון 1816 ביז 1838. די פילצאָליקע מאטעריאלן פון דער דאָזיקער קאָמיסיע, אן ערך 2000 פאסציקלען, געפינען זיך אין ווילנער מלוכה׳שן ארכיוו.

3) מלוכהשער ארכיוו אין ווילנע, זאמלונגען פון דער ראדזיוויל־קאָמיסיע, פאסע, 41, 13/306.

4) קאזשימיעזש יאן סאפיעהא איז געווען איינער פון די גרעסטע מאגנאטן אין ליטע און האָט פארנומען זייער הייכע אמטן אין ליטווישן גרויספירשטנטום. געווען פינאנס־מיניסטער, סענאטאָר, וואָיעוואָדע פון פּאָלאָצק און שפּעטער פון ווילנע און אויך ליטווישער גרויס־העטמאן. געשטאָרבן אין גראָדנע, 1720.

5) דער פוילישער קעניג און ליטווישער גרויספירשט זיגמונט I האָט די בריסקער פריווילעגיע באשטעטיקט אין יאָר 1507, ווי א גענעראל־פריווילעגיע פאר אלע יידן אין דער ליטע.

6) זע "פנקס המדינה" או "פנקס ועד הקהלות הראשיות במדינת ליטא" (הוצאת ש. דובנוב).

געבראכט צום דרוק: משה צינוביץ׳



חגיגת י"ג למאי" ע"י בנין ה"גמינה" (מועצה מקומית).

חיים ינקלביץ'

# לובץ' בשלטון הפולני



בצפון-מזרח פולין (אחרי מלחמת-העולם הראשונה) שכנה העיירה לובץ', מוקפת עיירות קטנות וכפרים.

נוף מרהיב עין הקיף את לובץ', שדות מרעה ושדמות רחבי ידים, בוסתנים, מניבי פרי משובח, יערות עד סבוכים — הנושאים אמירי עציהם אל־על, עבי גזע וסבוכי פארות. בצל העצים נחבאו שיחי פטל, גרגרי-יער ופטריות. ליד לובץ' שטף בחדווה ובגאון ראי הכסף הבוהק — הניימן.

מקור השם "לובץ'" אינו ידוע, אף תולדות העיירה אינם ידועים, אין יודע מי יסדה ומי כוננה, ומתי התישבו בה יהודים. כיון שקטנה היתה, שמש הניימן מקור לזהוי וגאוה, הכתובת היתה: "לובץ' על הניימן".

קילומטר אחד צפונה מלובץ' טובלת בים של ירק שכנה האחוזה ווינובה, מתחממת בעצלות באור החמה ומוקפת בחורשות קטנות. המקום שמש מוקד משיכה לטיולים, בשבתות וימים-טובים, מקום מסתור לזוגות נאהבים, וחגיגות נוער; ב־3 למאי — חגה הלאומי של פולין — ובל"ג בעומר, שמש מקום מפגש והתארגנות, ממנו יצאו התהלוכות.

במקום עובר יובל — שתחילתו מעין אגם קטן — אשר נשפך לתוך הניימן; באגם זה הכניסו היהודים עם בוא החורף, לפני שהאגם קפא, חביות מלפפונים לכבישה; שעה שקרני השמש החמימות הפשירו הקרה לעת האביב הוצאו החביות; אשר למלפפונים ולטעמם יצאו מוניטין, ומי שלא כבש לעצמו רץ לקנות מלפפונים בתוספת המיץ ("ראסל").

לצידה השמאלי של הדרך עמדה במלוא הדרה טחנת הקמח המכנית

של חנן בולדו. הטחנה הוותה חידוש בסביבה, כיון שרוב הטחנות הופעלו ע״י הנהרות בהם היתה מבורכת הסביבה. לטחנת הקמח של בולדו הביאו האכרים את תבואת שדותיהם המזהיבה — החטה והדגן.

לאחר טחנת הקמח התחיל הרחוב הראשון של לובץ׳, על שם העיירה הקטנטונת דלטיץ׳, הנמצאת כחמישה קילומטרים צפונה מלובץ׳, הקשורה ביחסי שכנות הדוקים עמה.

היה זה רחוב די ארוך מאוכלס ברובו נוצרים, אשר הסיתו כלביהם בילדים יהודים שנקלעו שם לבדם, ולעתים נטפלו אף תושבי הרחוב בקול תרועה. הנערים היהודים התארגנו בחבורות כדי לעבור ברחוב זה, כשבידיהם וכיסיהם ״נשק״ להגנה — מקלות ואבנים.

מזרחית ללובץ׳ שכנו הכפרים קפושצ׳יבה וקופיצק. הגויים תושבי הכפרים, התפרנסו מחקלאות, מגדול חיות-בית וממכירת תוצרתם ליהודים.

דרומית ללובץ׳ שכן הכפר הגדול אצ׳וקביץ׳. צידה הדרומי של העיירה, שמש שער ליציאה לעיר המחוז נובוגרודק, אשר שכנה במרחק של עשרים קילומטרים מלובץ׳, וממנה לעולם הגדול.

העיירה היתה קשורה בעיר המחוז נובוגרודק בענינים מנהליים הקשורים ברשות. כמו-כן התנהל מסחר ער בין העיירה לנובוגרודק, כך שהיה צורך לקיים אמצעי תחבורה בין לובץ׳ לעיר המחוז.

סבי סיפר לי שבזמנו כאשר רצה להגיע לנובוגרודק, היה קם עם האשמורת הראשונה, טרם הפציע השחר, נוטל טלית ותפילין, מקל בידו ומגיע לנובוגרודק להתפלל במנין הראשון.

אמצעי שכיח להגיע לנובוגרודק היה סוס ועגלה. מי שסוס ועגלה היו לו יצא עמם לדרך, אך היו תושבים שפרנסתם היתה על כך, בעלי־עגלה שהובילו נוסעים וסחורות הלוך וחזור. חלק הארי של הדרך עשו בנסיעה, אך משהגיעו לגבעה ע״י הכפר קורביץ׳, בקש העגלון באדיבות לרדת מהעגלה, כי כבד המסע מדי לסוסו היגע, והנוסעים הוכרחו לעשות דרכם עד לפסגה ברגל.

גם אמצעי תחבורה מודרניים קשרו בין לובץ׳ לנובוגרודק; היתה זאת הרכבת הקטנה, ״קליינבאן״, בה עשו הנוסעים דרכם בנוחיות ואף

לחטוף תנומה בזמן הנסיעה יכלו. מי ששחק מזלו ומצא מקום ליד החלון, ישב כמסומר פן יתפסו מקומו...

שנים מספר לפני החורבן החל גם אטובוס לקשר בין העיירה לנובוגרודק, אמנם הנסיעה באוטובוס היתה יקרה יותר, אך היתה גם נוחה יותר, זמני היציאה מרובים, ומשך זמן הנסיעה קצר.

הדאר הגיע לעיירה ברכבת, עתונים ברכבת ובאוטובוס; השמועות מהעולם הגדול הגיעו עם כל אדם שיצא מלובץ', ומכל מבקר בעיירה.

בצפון גבלה העיירה בניימן. מוצאו של הניימן היה בגבול הרוסי־פולני, בסביבות העיר סטולפצי.



מבט על הניימן. באופק הטירה והכנסיה.

הניימן — נהר יפה וגדול, נושא מימיו הצוננים והטעימים ממרחקים בשאון אדוות עליז. בין מימיו שרצו דגים רבים ראויים למאכל. וכאילו ליפות את הנהר, עטרו את גדותיו כדי דשא, ומעבר לגדתו הצפונית, נשאו יערות העד אמיריהם בגאון.

הניימן שמש מקום לבילוי והנאות אין קץ; בימות הקיץ הלוהטים היה מלא מתרחצים, מאנשי העיירה ומהעיירות שבסביבה; הרחיצה היתה מענגת ונעימה, במיוחד השכם בבוקר שעה שהנהר זרם בשלווה,

כמתמכר ללטוף קרני השמש, ומימיו היו זכים להפליא. בערבי הקיץ החמים, ראו מבעד למימיו הצלולים להקות דגים, מראה משובב לב ומרגיע.

השיוט על הנהר היה מקור לשעשועים והנאה; בתחילה יצאו בחתירה במעלה הנהר, נגד הזרם, וזאת כדי לחזור אחר-כך בקלות עם הזרם השוטף. לעתים קשרו מספר סירות יחד, סירה לסירה וחוזרים בשרשרת יחדיו בחדווה. בתוך השקט הנפלא קלחו והתנשאו לעתים צלילי נגינה; היו צעירים שהצטידו בכלי נגינה: מפוחיות-פה, מנדולינה, רכת צלילים מרטיטה לבבות, וכלי נשיפה, ושירה פרצה מגרונות המשיטים כשההד החזק עונה מכל העברים, ונושא את השירה למרחבי אין־סוף. היו אלה שירי עבודה, שירי אהבה ושירי ערגה וכמיהה לציון. אין פלא שהניימן שמש גם ״שדכן״ מוכר וחביב, לזוגות צעירים בעיירה.

בין זכרונות ילדותי שזור הנהר; כל רגע פנאי היינו רצים אליו, דרדקים של בית רבם. רצנו לקראת הזרם במעלה הנהר מספר קילומטרים, וחזרנו לעיירה עם הזרם, על הרפסודות (פליטן) של עצי אורן, המיועדות לאכספורט.

אגדה התהלכה בסביבה, כי כל שנה תובע לו הנהר האכזרי, קרבן אדם; ולכן עד שלא טבע אדם, נמנעו הילדים להתרחץ בנהר. ומשטבע אדם, רצנו להתרחץ בו, למרות העצב והצער על אובדן חיי אדם.

באביב ובסתו עלה הנהר על גדותיו והציף שטחים רבים; האזור נראה היה אז כימה מלאת קסם והוד. השטפונות גרמו לאכרי הסביבה טרדות ולעתים אף לנתוק גמור; האכרים שהצטרכו לעזרה הדליקו מדורות, וצעירי העיירה נחלצו בסירות לעזרתם, הביאו לבתים המנותקים מאכל, לאדם ולבהמה.

עם בוא החורף קפא הנהר; דרך מעטה הקרח יכולת להשקיף למעמקיו. משטח הקרח שמש כמקום להחלקה במחלקיים ובמגלשות, — אף בחורף שמש הנהר מקום למפגש ומקור שעשוע.

במרכז העיירה נמצאה ככר השוק. המקום רכז את כל שטחי המחיה והפרנסה של העיירה: חנויות מכלת, חומרי בנין, חנויות תבואה, הלבשה וכיוצא בזה. כל יום ג׳ בשבוע, נערך יום שוק ססגוני, אכרים מכל כפרי

הסביבה, הגיעו למקום עם תוצרתם החקלאית, מהחי ומהצומח, וכן גם תוצרת של אומניות בית: בדים גסים, שטיחים, מפות רקומות, קדרות עץ, גיגיות עץ וכדומה. ככר השוק המה מאדם, געיות בעלי־חיים וקרקורי בעלי־כנף. יהודי המקום שמו פעמיהם לשוק לקנות ולמכור, לשאת ולתת עם הגויים, לשם מסחר וכדי לקנות צרכיהם.

נקודת המוצא של ששת רחובות העיירה וסימטאותיה היה בככר השוק, רוב בתי העיירה היו בעלי קומה אחת, בנויים מעץ והגגות כוסו ברעפי עץ או בקש.

במרכז השוק עמד בנין "מכבי האש", אולם גדול בו החזקו מכשירי הכבאים, בלילות שמש המקום להצגות של החוג הדראמטי, או לאספות כלליות של התושבים.

רוב המשפחות התפרנסו ממסחר, חלק היו בעלי חנויות בתוך העיירה, והאחרים הובילו מרכולתם על עגלה רתומה לסוס, וחיזרו על כפרי הסביבה ואכריה; לרוכלים אלו קראו "קאראבעלניקעס". לעתים קבלו תמורת תוצרתם שווה כסף; המצרכים העיקריים שהביאו לאכרים היו: דגים-מלוחים, מלח, גפרורים, סבון, בדים זולים, כפתורים, חוטים, מחטים וכדומה. הרוכל הנודד זכה לקבלת-פנים חמה אצל האכר ונהנה מהכנסת אורחים נדיבה, אך על המקח היטיב האכר לעמוד למרות זאת.

סביבת לובץ׳ היתה ידועה כספק גדול של פשתן ויהודים רבים סחרו בו. אכרי הסביבה גדלו את הפשתן למכירה וגם כדי לטוות ממנו במטויות בית בדים, וליצור-שמן לתצרוכתם.

הסביבה הכפרית סיפקה לעיירה ביצים, גבינות, בשר ותבואות. התו־צרת החקלאית הגיעה מהאזור עד לוילנה ולוארשה הבירה.

היערות בהם התברכה הסביבה היו מקור פרנסה חשוב; ה"עץ" הזול שמש להסקת הבתים בחורף, וסוגי ה"עץ" הטובים יותר שמשו לבנין, וגזעי ה"עץ" המשובחים שווקו לכל חלקי פולין, ואף נשלחו לגרמניה ולארצות אחרות באירופה.



תערוכת בעלי־חי בלובץ'.

כיון שבגלל הביצות קשה היה להוציא את העצים מהיער, נגדעו העצים על־פי רוב בחורף — שעה שהמים קפאו — והוצאו משם על מזחלות. במקומות שנתן היה לגדוע עצים בקיץ, הועברו העצים למרחקים ברפסודות; יהודים רבים סחרו בעצים, וכן סיפקו לסוחרי העצים שבאו מהערים הגדולות את צרכיהם; היו אף מספר בתים, אשר שמשו בתי־מלון זוטא לסוחרי העצים שפקדו את המקום.

היו גם בעלי-מלאכה: חייטים, צבעים, נפחים, תפרים, סנדלרים, נגרים, בנאים ואחרים. צבור בעלי־המלאכה לא היה מאורגן, עבדו שעות בלתי מוגבלות ופרנסתם דלה ודחוקה.

משנחלקו יהודים וגויים, הובא הדבר לברור בבית המשפט הממשלתי.

אחד המשפטים המפורסמים שהתנהל בין יהודי לובץ׳ לבין אכרי הסביבה, היה בענין הבעלות על חלקת מרעה ליד הניימן. החלקה היתה שייכת ליהודים והיה להם שטר רכישה להוכחת בעלותם. אך במלחמת־העולם הראשונה נאבד השטר אי שם. משנודע הדבר לגויים, הגישו תביעה לבעלות על הקרקע. אחר משפטים רבים ויגיעות שיגעו ראשי הקהלה, וערעורים רבים, זכתה הקהלה במשפט והחלקה הוחזרה לבעלותה. השמחה היתה רבה — הקץ להוצאות על משפטים, ומרעה ישנו בשפע ללא תשלום, והרי כמעט כל בית יהודי בעיירה החזיק פרה ברפת.

אי הבנה שבין אדם בישראל לרעהו הובאה לפני רב העיירה, ולפי פסק־דינו קם דבר.

פרנסת הרב היתה מוטלת על קהלתו, לכן הגבילו היהודים עצמם לקנות שמרים ונרות לשבת אך ורק אצל הרב. לעתים קבל הרב מתת מבעלי-הבתים שהתדינו אצלו. כך יכול היה רבה של לובץ׳ לחיות בכבוד.



לאחר מלחמת-העולם הראשונה, כשתזרו לעיירה היהודים שגלו בזמן הקרבות, היתה דאגתם הראשונה לחנך ילדיהם לפי דרכי המסורת של עם-ישראל. התפתחה רשת ״חדרים״ בהם הרביצו דעת ״מלמדים״, אשר

היו בקיאים ״באותיות הקטנות״ של התלמוד ושבילי התנ״ך ומפרשיו היו נהירים להם. היו מלמדים שלמדו אף את השפה העברית ומעט למודי חול. יש להזכיר כאן את ר׳ אליעזר קלמנוביץ, אשר העמיק לדרוש בנתיבי הדקדוק העברי.

משהתארגן השלטון הפולני נדרשה העיירה להקים בית־ספר מודרני, בהתאם לחוקי המדינה. החדרים חוסלו והוקם בית־הספר ״תרבות״ שהיה מסונף לרשת הארצית של בתי-הספר ״תרבות״ בפולין. מורים מוסמכים נשלחו ללמד בבית-הספר ומנהל בעל ידע ונסיון, בא לנהל את המוסד. שפת ההיראה היתה עברית. בית הספר שכן בבנין גדול ומרווח שנבנה ע״י יהודי העיירה.

בין כתלי המוסד, קבל הנוער השכלה כללית, יסודית. ראש מאוויי המורים היה להקנות לתלמידים תורה עם דרך־ארץ, ומעל לכל, להשריש בלבבות הרעיון הציוני והערגה לארץ־ישראל.

בערבים התאסף בבנין בית־הספר הנוער המאורגן בתנועות הנוער הציוני, בהם פעלו והתחנכו להגשמה ולעליה לארץ-ישראל.

זוכר אני בשנת 1925 את הטכס המרשים בבית-הספר, ביום הנחת אבן-היסוד לאוניברסיטה העברית, על הר הצופים בירושלים; המורים הסבירו את המשמעות העמוקה של המעמד, הן עם ישראל הוא עם הספר, ומציון תצא תורה. בארץ האבות, ההולכת ונבנית, הונח יסוד להקנית תורה. העם המפוזר בשבעים גלויות, שהיה עליו להאבק כדי להכנס לאוניברסיטאות, מקים אוניברסיטה עברית. לאחר הטכס התפזרנו עם ״הקופסה הכחולה״, לערוך מגבית עבור ״הקרן הקימת לישראל״.

בית־הספר הצליח לנטוע בנו אהבה לארץ־ישראל, ולמציאות החדשה בחיי העם היהודי; מציאות שהניחה את היסודות להקמת מדינת ישראל העצמאית.

הלל קראַשניץ

# געווען אמאל א יידיש שטעטל לובטש

**געווידמעט מיין שווער,**
***ר׳ יהושע־יעקב בן זאב פייוושעוויטש ז״ל.***

## א זומער־טאָג אין שטעטל

פינף יידישע גאסן, א פּאָר געסעלעך, א מארק-פּלאץ מיט הייזער און קראָמען; נאָך איין לאנגע גאס, וואו ס׳וואוינען די גויים; דער טייך ניעמאן, וואָס וויקלט זיך צופוסנס דעם שולהויף, — פון דעם באַשטייט דאָס שטעטל.

מען דארף נאָך צוגעבן דזשענטשעלסקיס מיל אין איין עק פון שטעטל; און דעם טארטאק ביים ברעג ניעמאן, וואָס הייבט זיך איבער די הייזער מיטן לאנגן, שווארצן, א גאנצן טאָג זיך רויכערנדיקן קוימען, — אין אנדער עק פון שטעטל.

דעם אויבנאָן אין שטעטל פארנעמט די שלאָס-גאס. זי ליגט שטענדיק אָן אויסגעפּוצטע און א ריין פארקערטע. די גאס גרייסט זיך מיטן שיינעם גאָרטן ביים קלויסטער, מיט אירע צעצווייגטעביימער, שיינע הייזער און חשובע בעלי־הבתים: אייזיקאָוויצקי, — דער אפּטייקער; ד״ר ראבינאָוויטש; ישראל סאָלאָדוכע, — דער וואלד־סוחר; און חיים ברוק, — דער ראש־הקהל.



קאיאָר. די נאכט ראנגלט זיך נאָך, וויל ניט אָפּטרעטן איר אָרט פאר דעם אָנקומענדיקן טאָג. די פינצטערניש ליגט נאָך איבערן שטעטל, אָבער דער מאָרגן-שטערן צינדט זיך און זאָגט אָן דעם אָנקום פון א נייעם טאָג.

פון דער פינצטערניש שיילט זיך ארויס א געשטאלט, — א ברייט-פּלייציקער, א שווארץ-צעפּאטלטער ייד ווי א ציגיינער. א טאָרבע עסן איז אים אָנגעהאָנגען אויפן אקסל, זיין רעכטע האנט האלט פארקוועטשט

א לאנגע בייטש, און מיט א דיקער באַאוּוער שטים צערייסט ער די פּאַרטאַגיקע שטילקייט. דאָס איז משה־גרונים, דער שטעטלשער פּאַסטעך, וועלכער טרייבט אויף פּאַשע ביים ניעמאַן די שטעטלשע קי. משה־גרונים, א ייד א פאַרגרעבטער, אן עם הארץ, זעט אויס ווי א געזונטער, דאָרפישער פּויער; זיין שטים איז א גראָבע, א פעסטע; ער רעדט אָפּגעהאַקטע זאַצן; ס'איז מער א ברומען ווי דאָס ריידן פון א מענטשן.

האַלב־פאַרשלאָפענע ווייבער רייבן זיך די אויגן, איילן ארויס פון די בעטן, כאַפּן אויף זיך עפּעס א מלבוש און לויפן גיך עפענען דעם טויער פון שטאַל, ארויסצוטרייבן די קו. די קי באַגעגענען זיך און איבערן שטעטל צעטראָגט זיך זייער מוקען, דאָס ברומען פון משה־גרונימען און דאָס קנאַלן פון זיין בייטש.

דאָס שטעטל האָט דערוואַכט:

איבער די גאַסן און געסעלעך הויבט זיך אָן א באַוועגונג פון מענטשן, — דאָס איילן די מענער צום שולהויף, אריינצוכאַפּן א שחרית מיטן ערשטן מנין, אָפּגעבן א דאַנק און א לויב דעם אויבערשטן, וואָס מען האָט דערלעבט צו נאָך א טאָג.

א קנאַפּע שעה שפּעטער צעטראָגט זיך א הילכיק קלאַפּן פון רעדער און פערדישע פּאָדקאַווּעס איבערן שטיינערנעם ברוק. דאָס צעפאָרן זיך איבער די דערפער און כוטאָרס די קאַראַבעלניקעס — יידן וואָס ציען זייער חיונה פון אויפקויפן ביי די פּויערים פלאַקס, זוימען, שוואוימען, אייער, פעלכלעך, חזיר־האָר און אנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. גלייכצייטיק פאַרקויפט מען צו די פּויערים פאַרשיידענע סחורות: זייף, נאָדלען, שוועבעלעך, קעמעלעך, שפּיגעלעך און אנדערע מציאות. אנדערע ווידער קויפן אויף ביי די פּויערים צעריסענע בגדים, פלעשער און אלטע מעטאַלן. מערסטנטייל איז עס א טויש־האַנדל, סחורה פאַר סחורה, פון וועלכןביידע צדדים גייען ארויס צופרידענע. אויך די קצבים לאָזן זיך מיט פערד און וואָגן איבער די דערפער אויפצוקויפן קעלבלעך, קי און אמאָל אויך א שעפּסל — דאָס ביליקסטע פלייש פאַר די קבצנים פון שטעטל.

מיט א הילכיק קנאלן פון די בייטשן יאָגן זייערע פערד די בעלי־עגלות, וועלכע פאָרן אין דער שכנותדיקער קרייז־שטאָט נאָווארעדאָק. אין די וועגענער זיצן איינגעטוליעטע, נאָך האלב־דרימלענדיקע פאסאזשירן: אייניקע פון זיי פאָרן אין דער קרייז־שטאָט איינקויפן סחורות פאר די קרעמלעך און שפעטער טאקע דאָס ברענגען אָנגעלאָדן אויף די זעלביקע פורן; אנדערע, — לא עלינו, — פאָרן צו א גרעסערן דאָקטאָר, אָדער אין א מלוכה׳שן אמט אין דער קרייז־שטאָט.

אין וואָגן ביי ארלען, — אן אָנגעהעריקער צו דעם קרעפטיק־געזונטן שטאם פון די יעדידאָוויטשעס, — זיצט רב יאָסל, דער באקאליי־קרעמער, און כאפט זיך אונטער דאָס הארץ מיט א שטיקל האָניק־לעקעך. נעבן אים זיצט אברהם־חיים, דער שוך־קרעמער און וויל שוין פון פארטאָג אָן ארייינציען רב יאָסלען אין א שמועס וועגן פּאָליטיק. אברהם־חיים איז א הייסער ציוניסט, און רב יאָסל איז געוואָרן א פארברענטער אגודהניק, זינט צו זיין טאָכטער האָט זיך גענומען שדכענען דער ווויל־לערנער פאָדאָלסקי, — אן אקטיווער אגודה׳שער טוער. רב יאָסל לאָזט זיך ניט ארייינציען אין קיין שמועס, ער קייט זיך געלאסן דעם לעקעך און ברומט עפּעס אונטערן נאָז.

אין וואָגן זיצט אויך א יונגער לובטשער איידעם, וואָס פאָרט צוריק אהיים קיין ווארשע, נאָך א באזוך אינעם שטעטל. ער איז א פארברענטער קעגנער פון דער אגודה און האָט איצט א שעת־כושר אויסצולאָדן זיין צאָרן קעגן דער אגודה. ער מישט זיך אריין אינעם שמועס, צעהיצט זיך און שיט מיט פייער אויפן ״שווארצן קלער״.

ארל, דער בעל־עגלה, שווייגט, ער מישט זיך ניט אריין אינעם שמועס פון אזעלכע חשובע פאסאזשירן. אָבער ווען די דיסקוסיע פארנעמט זיך אויף גאָר הייכע טענער, גיט ער פּלוצלינג א קנאל מיט דער בייטש און א תוקע ״וויאָ!״ מיט אזא קול, אז די פאסאזשירן גיבן א ציטער און ווערן אנטשוויגן. ארל צעשמייכלט זיך, ער האָט הנאה וואָס ס׳איז אים געלונגען צו איינשטילן די ״היצקעפּ״. ער נעמט ארויס פון קעשענע א הויפן ווייסע יאָדרעס און טיילט אויין די פאסאזשירן, ווי ער וואָלט

געזאָגט: עסט, שווייגט און האָט בעסער הנאה פון דער שיינער נאַטור, וואָס ארום אייך.

אין שטעטל עפּענען זיך אויף די קרעמלעך און ווארשטאטן. אין די פלאקס־שפּייכלערס פּרעסט מען דעם פלאקס אין א פּרעס-מאַשין וואָס ווארפט ארויס פיר־קאנטיקע פּעקלעך, גרייטע צום אָפּשיקן קיין ווילנע, צו דער פלאקס־געזעלשאפט, וועלכע האָט אין שטעטל איר אָפּטיילונג. פון די שפּייכלערס הערט זיך אויך א ריטמיש קליפּ־קלאפּ, דאָס "טרעפּען" אויס פּויערטעס דעם פלאקס און רייניקן אים אָפּ פון עם פּסולת.

איבערן שטעטל שפּאנט דורך, ווי א הערשער, דער פּאָליציאַנט מיצ־קאָווסקי. ער זוכט און נישטערט, — צי די הייזער זיינען אָפּגעקאַלכט אויף ווייס, צי דער ברוק איז פארקערט און צי דאָס געבעקס אין די בעקערייען ליגט אונטערן גלעזערנעם צודעק. אין מלכות פּוילן מוז זיין ריין און היגיעניש, ווען ניט, צאָלט מען א זלאָטע. אָפּטמאָל מאכט מען עס פאר ביליקער דורך אריינגעבן א קלענערע מטבע אין פּאָליציאַנטס יד אריין.

אויפן מארק-פלאץ טרעפט זיך די שטעטלשע יוגנט: אברהם פּערטשיק און זיין שוועסטער שרה, דוד מאָווּשאָוויטש, קאלמאנאָוויטש, יאָסקע יעדידאָוויטש, די ברידער קאפּלאנסקי, פּאָליע קאפּושטשעווסקי, די ליפּכינס, מאָטע קיוועלעוויטש און אנדערע. דאָס רוב פון די בחורים — הויכע, געזונטע, אטלעטיש-געבויטע; די מיידלעך אויך איינס און איינס ווי "אָפּגעטאָקטע", באחנטע און שיינע. די יוגנט דרייט זיך ארום און האָט ניט וואָס צו טאָן. ניטאָ קיין ארבעט, ניטאָ קיין פּרנסה, ניטאָ קיין אויסזיכטן אויפן מאָרגן.

שטייט מען אין א קרענצל און מען שמועסט סתם אין דער וועלט אריין. מען דערציילט וויצן און מ׳גיט איבער, וואָס עס שרייבן די יעניקע, וועלכע האָבן עולה געווען קיין ארץ-ישראל. משה פּיקעלני קומט אָן מיט א פּעקל צייטונגען. "כאפּט" מען א צייטונג און מען צערעדט זיך וועגן וועלט פּאָליטיק. די צייט איז אן ערנסטע, געשעעניש יאָגט נאָך געשע־עניש, און די לובטשער יוגנט נעמט א שטעלונג. יאָסקע יעדידאָוויטש —

א יונג א ריז, לינק-ציוניסטיש געשטימט, — דונערט מיט זיין שטים קעגן די פאשיסטן; ער פארזיכערט, אז אויב ס׳וועט קומען צו א מלחמה, וועט זיגן דער סאָציאַליזם אויף דער גאַנצער וועלט. און דערווייל קוקט ער אויס די אויגן אויף א גאַסט אין זיין מאַמעס האָטעלכל, וואָס פּוסטעוועט כמעט א גאַנץ יאָר.

אַווסעיעוויטש דער שניידער, כאַפּט זיך ארויס פון זיין וואַרשטאַט — די ארבעט וועט ניט אנטלויפן — און קומט צו צום קרענצל יוגנטלעכע; ער וויל וויסן וואָס זיי האָבן ארויסגעלייענט פון צייטונג און זאָגט ארויס זיין אייגענע מיינונג. יאָסל קאַפּושטשעווסקי, א שטילער, רואיקער בחור, וואָס איז ״אויסגעלינקט״, קומט אויך צוגיין און הערט זיך צו א שווייגע־ווּדיקער צום שמועס. אויסגעהערט אלעמען, גיט ער בטולדיק א מאַך מיט דער האַנט און וואַרפט אריין א קורצן זאַץ: — אונדזעריקע וועלן שוין אלץ אויסגלייכן! פאַר אים איז די דיסקוסיע געענדיקט און ער איילט אוועק צו זיין שניידער-וואַרשטאַט.

— חברה, אויב ס׳איז דאָ א פּאָר גראָשן אין קעשענע, טאָ לאָמיר גיין שפּילן ביליארד, לייגט פאָר פּערטשיק, און אלע לאָזן זיך צו ווילנערן אין רעסטאָראַן שפּילן ביליארד.

אין שכנות מיטן אלטן שלאָס געפינט זיך משה לעווינס און גרשון קאַפּושטשעווסקיס טאַרטאַק. א גאַנצן טאָג טראָגט זיך דאָ דאָס רוישן פון די גאַטערס, וועלכע צעזעגן די קלעצער, וואָס מען ברענגט אהער צוטרייבן מיט פליטן פון דער נאַליבאָקער פּושטשע. דאָס איז דער איינציקער אָרט אינעם שטעטל, וואו ס׳הערט זיך ממש דער אימפּעטדיקער אָטעם פון ארבעט. גויים וואַשעווען ארויס די קלעצער פון טייך, זיי שרייען, שילטן אין דער מאַמען און די קופּע קלעצער וואַקסט אין דער הויך. דער אטלעטיש־געבויטער גרשון קאַפּושטשעווסקי איז צעהיצט פון דער ארבעט; ער שרייט, קאָמאַנדעוועט, גיט באַפעלן און שטייט ניט אָפּ פון די גויים ביים שלעפּן די קלעצער. זיין שותף משה לעווין, א געלאַסענער און איידעלער, רעדט בנעימותדיק, מעסט דאָס געהילץ און פאַרשרייבט אלץ אין א ביכעלע.

נאָכמיטאָג לאָזט זיך דאָס שטעטל ארויס צום ניעמאן באָדן, שווימען, ״לייגן קלאפטער״. די יוגנט גייט אריבער דעם ניעמאן צופוס, און אויפן צווייטן זייט לאָזט מען זיך לויפן איבער די לאָנקעס. איינקע, ווידער, דינגען פאר א פּאָר גראָשן ביי די גויים א לאָדקע און לאָזן זיך אוועק מיט א געזאנג איבערן ניעמאן. און ווען עס פאלט צו די נאכט, דער הימל איז אויסגעשטערנט און די פולע לבנה לייכט און שפיגלט זיך אָפּ אינעם וואסער, דאכט זיך זיי אויס, אז מען איז אין ארץ־ישראל אונטער אירע הימלען, און איבערן ניעמאן צעטראָגט זיך א געזאנג: ״מה יפים הלילות בכנען״.

ווען די זון זעצט זיך, קומט אָן מיט א קרעכצן און אָכצן די קליינבאן. די שלאָס-גאס, וואָס פירט צום וואָקזאלכל, ווערט פארפולט, — אלע לאָזן זיך צום באן: ווער באגעגענען א נאָענטן מענטש, ווער סתם, אויס נייגעריקייט, און ווער ס׳קען זיך ניט דערווארטן אויף מאָרגן און וויל טאקע אויפן שטעל אָפּנעמען א בריוו, וואָס קומט אָן מיטן באן, און דער פּאָסט-נאטשאלניק צעטיילט עס מיט עטלעכע מינוט שפּעטער, כאָטש ס׳איז שוין לאנג נאָך די אָפיציעלע אמט-שעה׳ן.

די קליינבאן, דערמאָנט די מענטשן, אז דאָס שטעטל איז ניט אָפּ-געריסן פון דער וועלט; פאראן דאָרט שטעט און מענטשן; און אז מען וויל נאָר, זעצט מען זיך ארויף צומאָרגנס פארטאָג אויפן קליינבאן און מען פאָרט דירעקט ביז נאָוואָיעלניע, און פון דאָרט איז אָפן דער וועג קיין ווילנע און ווארשע.

אָפּגעגעסן וועטשערע, — אמאָל באשטייט די וועטשערע פון א מילכיקן קרופּניק. אמאָל פון קארטאָפל מיט שאָלעכץ און א הערינג מיט א גלעזל ציקאָריע צום פארטרינקען; אמאָל אויך פון א שטיקל ״זשעטלער״ ווארשט מיט טיי. און אויב אין דרויסן איז שיין, צעזעצט מען זיך אויף די גאניקעס, מען שעפּט פרישע לופט און מען שמועסט זיך דורך מיט די שכנים.

די יוגנט איז אין די אָוונט-שעה׳ן פארנומען: די ״מענדעלע״ ביבליאָטעק איז אָפן און מען בייט ביכער; דער דראמקרייז, אונטער

רעזשי פון אלטער כעמעס (שמולעוויטש), רעפעטירט איין א נייע פאַרשטע־לונג; אין ״החלוץ״ איז גראָד היינט געקומען א פאַרשטייער פון קרייז-קאָמיטעט און מען הערט אויס זיינס א שמועס. פון לאָקאל פון ״השומר־הצעיר״ טראָגט זיך א הילכיק געזאנג ביז שפעט אין דער נאכט אריין, ווען כמעט אלע שלאָפן שוין. דאָס טופען פון די פיס ביים טאנצן די האָראס וועקט און מינטערט דעם עלטערן דור; מען דערמאָנט זיך ווי מען איז אמאָל אויך געווען יונג און מען-פלעגט אויך טאנצן. זיפצט מען צו:

— אוי גאָטעניו, וואו נעמט מען די אמאָליקע יאָרן?



שטיל געוואָרן אין שטעטל. ערגעץ-וואו פון א קאָטוך ארויס גרילצט א גריל — טשיר, טשיר, טשיר! — זעגט די נאכטיקע שטילקייט און קען זי ניט צעזעגן. פון די גויישע שטאלן דערטראָגט זיך דאָס כריוקען פון די חזירים — כריו, כריו, כריו! די גויים שלאָפן רואיק, — די חזירים אין שטאל גיבן זיי די רו. יידן שלאָפן אומרואיק, — חלומען וועגן פרנסה, וועגן נדן פאר טעכטער און שכר-לימוד פאר די קינדער, וועגן גוטע פּאָליציאנטן, וועלכע נעמען אין ״יד״ אריין, און וועגן די גויים מיט זייערע חזירים, וואָס לעצטנס כריוקען זיי ווי דער בערלינער חזיר בקולו-קולות — ״זשיד, זשיד, זשיד!״

די לבנה קוקט אראָפּ, באלייכט שטרויענע און שינדלנע דעכער אויף יידישע הייזער און איר געל-בלייכע שיין גיסט אָן מיט אומעט די אויסגעליידיקטע גאסן און געסלעך פון שטעטל.

## אונטער סאָוועטישער הערשאפט

דעם ערשטן סעפטעמבער, 1939, האָט די ראַדיאָ געבראַכט די אויפ־טרייסלענדיקע ידיעה, וועגן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

עס זיינען אריבער טעג, און די מלחמה איז פארן שטעטל נאָר א ווייטער באגריף, — אהער האָט זי נאָך ניט דערגרייכט. די צייטונגען קומען שוין ניט אָן; די ידיעות אינעם ראַדיאָ זיינען מבולבל, — מען קען ניט

דערגיין פון זיי דעם אמת. דער דייטש גייט פאַראויס, זייט טויט און חורבן און אין שטעטל גלויבט מען אין זיין גיכער מפלה; ס׳איז עפּעס א קלייניקייט, אז ענגלאנד און פראנקרייך קעמפן אויך קעגן אים! דערווייל גייט זיך דאָס לעבן נאָרמאל, כמעט אָן קיין שום ענדערונג.

פלוצלינג — א צערודערונג אין שטעטל! די פּאָליציי אנטלויפט אין גרויס פאניק, באוויזט אפילו ניט צו פארברענען די דאָקומענטן. די פּאָליציאנטן פראנציישקעוויטש און מיצקאָווסקי פארטרויען א סוד, אז די רויטע ארמיי דערנעענטערט זיך די ידיעה צעציטערט די הערצער, מען פארכליניעט זיך פשוט פון פרייד: ס׳איז געקומען א סוף צו דער מלחמה, און דער עיקר, א סוף צו דער פארהאסטער פוילישער, אנטי-סעמיטישער הערשאפט.

עטלעכע טעג גייען אריבער און דערווייל זעט מען ניט קיינעם. דאָס שטעטל איז אָן א מאכט. מען איז שוין נייגעריק צו זען די באפרייער, אָבער, ווייזט אויס, אז זיי איילן זיך ניט.

און אָט זיינען זיי דאָ. סך-הכל א פּאָר מונדירטע לייט, אין לאנגע גרויע שינעלן, היטלען מיט רויטע פאסן, גרויסע שטיוול און די פּנימער — כולו שמייכל. מען כאפּט זיך מיט זיי ארום, מען קושט זיך. די יוגנט טרעט ניט אָפּ פון זיי, שלינגט דורשטיק אלץ וואָס זיי דערציילן. און זיי, די מונדירטע, הערן ניט אויף צו דערציילן און שילדערן דעם גליקלעכן סאָוועטישן לעבן. די אויגן גליען, די פאנטאזיע צעשפּילט זיך:— סארא פרעכטיקע צייט ס׳איז איצט געקומען פאר אלעמען, און דער עיקר טאקע, — פאר דער יוגנט.

אין גרויסן בית-המדרש קומט פאָר א מיטינג, — יידן און גויים צוזאמען. עס רעדט א פאַרשטייער פון דער נייער מאכט — דאָראָשעוויטש, אן אָפּשטאמיקער פון דאָרף ווערעסקאָווע, — ער רופט צו פארברידערונג צווישן יידן און ניט-יידן; ער דערציילט וועגן סטאלינישן גן-עדן, און פארענדיקט מיט א הורא אויסגעשריי פארן ״טאטן פון די פעלקער״, יאָסיף וויסאַריאָנאָוויטש סטאלין.

הורא! הורא! הילכט אָפּ אן ענטפער צווישן די ווענט פון שול.

די ספרי-תורה אין אָרון-קודש וועקן זיך פון זייער רו: — ווער שרייט עס אזוי אין א מקום־קודש? די שויבן אין די פענצטער ציטערן און די געשניצטע כרובים איבערן אָרון-קודש, דאכט זיך אז זיי קורטשען זיך איין, ווערן קלענער אונטער אזויפיל שטעכיקע גויישע בליקן.

מיין חבר, דער שרייבער און פעדאגאָג זאוול ריינאָוויטש — א פּליט אינעם שטעטל, ציניש געשטימט, רופט זיך אָפּ צו מיר: — דו ווייסט פארוואָס מען שרייט הוררא נאָכן דערמאָנען סטאלינס נאָמען? — ס׳איז דאָך העברעאיש: הוא־רע! (ער איז שלעכט).

מיטן מיטינג האָט זיך דערווייל פארענדיקט די סאָוועטישע מאכט אין שטעטל. נאָר דאָראָשעוויטש איז דאָרט פארבליבן און אלץ איז פאָרלויפיק נאָך ביים אלטן.

די איינציקע ענדערונג איז דערווייל פאָרגעקומען אין דער ״תרבות״־שול: די העברעאישע שפראך איז שטרענג פארבאָטן האָט מען אָנגעהויבן לערנען אין יידיש; עס זיינען צוגענומען געוואָרן נייע לערערס — דער עיקר פּליטים — און זאוול ריינאָוויטש איז געוואָרן דער פּעדאגאָגישער-לייטער (״זאוואוטש״). קיין לערביכער זיינען ניט געווען, האָט מען געלערנט פון געשריבענע טעקסטן. די ליטעראטור לעקציעס מיט זאוול ריינאָוויטש זיינען פאר די קינדער געווען שעה׳ן פון טיפער נשמהדיקער איבערלעבונג. ער האָט זיי ארומגעפירט אויף די שליאכן פון דער יידישער ליטעראטור, געשפּאנט מיט דעם זיידנס קלאטשע; געלאכט דעם שלום עליכמישן דערלייזערישן געלעכטער; און ביי פּרצן געלערנט זיך שמידן די רינגען פון די גוטע מידות אין דער יידישער גאָלדענער קייט.

האָט מען זיך געפרייט, וואָס יידיש איז א גלייכבארעכטיקטע שפּראך און געניסט פון פולער מלוכה׳שער אונטערשטיצונג. ווער האָט דען אין יענע ערשטע טעג געקענט זיך פאָרשטעלן, אז צום נייעם לערניאָר, 1940, וועט מען רופן אן אסיפה פון די עלטערן און מען וועט זיי פאָרלייגן צו באשליסן, אז די שול זאָל אויפהערן צו לערנען יידיש און פארוואנדלען זי אין א רוסישער 10־יאָריקער שול.

ווי עס פירט זיך אין סאָוועטנלאנד, וואו ״דאָס פאָלק אליין באשטימט

זיין גורל״, האָט מען דאָ גוט צוגעגרייט דעם שוסטער פּופּקאַ, — א ייד אן עם-הארץ, א שרייער, — און ער, דער אמתער ״פאַרשטייער פון פאָלק״ איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך צעדרשנט, אז מען דאַרף ניט קיין יידישע שול, ניין! ״מיר עלטערן ווילן, אז אונדזערע קינדער זאָלן לערנען נאָר רוסיש״! האָט דער פאָרזיצער א פרעג געטאָן: ״ווער איז קעגן?״ — א פראגע, וואָס שמעקט מיט דראָאונג און געפאַר. די פינגער האָבן זיך, וואָס אן אמת, געביילט אין פויסטן, אָבער קיין איין האַנט האָט זיך ניט אויפגעהייבן קעגן. אזוי איז געקומען דער סוף פון דער יידישער מיטלשול, די געוועזענע ״תרבות״-שול איז אריבער אין א נייעם רוסישן גילגול.

זאוול רייגאַוויטש האָט פאַרלאָזט לובטש. — דער סוף פון יידישע שולן איז אויך דער סוף פון יידיש-נאַציאָנאַלן לעבן, האָט ער מיט פאַר-ביטערונג א זאָג געטאָן ביי אונדזער געזעגענונג.



דעם ערשטן אפריל, 1940, איז לובטש עולה לגדולה געוואָרן: אין דעם טאָג איז זי געוואָרן דער אדמיניסטראַטיווער און פּאָליטישער צענטער פון דעם ביי צוגעשניטענעם לובטשער ראַיאָן, וואָס האָט ארומגענומען א ריזיקן שטח פון דער נאַליבאָקער פּושטשע, איבער שצאָרס, ביעגניע-וויטש, דעלאַטיטש, ווערעסקאָווע, זענעוויטש, ביזן דאָרף לאַכאָוויטש, ניט ווייט פון דער גלאָז-הוטע ניעמאַן.

אין שטעטל זיינען אויפגעקומען, ווי שוואומען נאָך א רעגן, צענד-ליקער אמטן און ביוראָען. קודם-כל דער ראַיאָנער אויספיר-קאָמיטעט מיט אלע זיינע אָפּטיילונגען: פינאַנסן און שטייערן, בילדונג, געזונט, קאָמונאַלע-ווירטשאַפט, לאַנדווירטשאַפט, סטאַטיסטיק, פּלאַנירונג און אנדערע. עס זיינען אויך אויפגעעפנט געוואָרן אָפּטיילונגען פון פאַר-שיידענע מלוכה׳שע טרעסטן און אָרגאַניזאַציעס ווי: ״זאַגאָטזשערנאָ״ (קערנער פאַרגרייטונג), ״פּלאָדאָאָוואָשטש״ (קאַרטאָפל און ירקות פאַר-גרייטונג), ״זאַגאָטליאָן״ (פלאַקס פאַרגרייטונג), ״סאָיוזפּושנינא״, פּאָטרעב-סאָיוז״ (קאָאָפּעראַטיווער האַנדל), ״נאַרקאָמזאַג״, מלוכה-באַנק, ״לעס-ספּלאַוו״, מילך-פּראָדוקציע טרעסט, ״מעלניטשני-קאָמבינאַט״, וואָס האָט

פאַראייניקט אלע מילן אינעם ראיאָן, האָלץ און עלעקטרע קאָמבינאַט (טארטאק, סטאָלעריי און די עלעקטראָסטאנציע), א געריכט, מיליץ, און א גאנצע ריי אנדערע ביוראָען און אָרגאניזאציעס.

דערצו דארף מען צוגעבן די ביוראָ פון שטעטלשן ראט — ״מעסטעטשקאָווי סאָוועט״, מיט יאָסל קאפּושטשעווסקי אלס פּאָרזיצער, א. ג. בירגערמייסטער פון שטעטל; 2 מיטלשולן — א רוסישע און ווייסרוסישע; א ביבליאָטעק, א קינאָ, א האָטעל, שפּיטאָל, אמבולאטאָ־ריע; א פּראָפעסיאָנעלע פייערלעשער־אָרגאניזאציע, מיט איבער צוויי צענדליק געצאָלטע פייערלעשער — יידן און גוים; א רעסטאָראן, איין שפּייז־קראָם, איין קיאָסק פון קאלטע געטראנקען און אייז־קרעם; א קראָם פון פארשיידענע סחורות (גאלאנטעריי, שיך, טעקסטיל, פּער־פומעריע); אן אפּטייק, א קראָם פון ״לעסספּלאוו״, — אָנגעפירט דורך די ברידער פּאָליע און מאיר קאפּושטשעווסקי, — וואָס האָט צוגעטיילט סחורות פאר די פּליטניקעס; אן אויפקויף־פּונקט פון פּעלכלעך און חזיר־האָר; א קראָם וואָס האָט פארקויפט ניט ראפינירטן אייל פאר די פּויערים, נאָכן צושטעלן דער רעגירונג פּראָדוקטן (קערנער, קארטאָפל, פלאקס א.א.), — דאָרט האָט געארבעט דער געוועזענער פלאקס־סוחר דוד יעדידאָוויטש; א קראָם פון ביכער און מוזיקאלישע אינסטרומענטן; א בעקעריי; די באָד איז געוואָרן אויסגעשטאט מיט וואנעס און איז געווען אָפן א גאנצן טאָג; א פאבריקל, וואו מען האָט מארינירט שוואומען און אויסגעארבעט וויין פון גראבינעס, (די זויערע פּרוכט פון גראבינעביימער), אָנגעפירט דורך שמואל־לייבל פּיווישעוויטש; אויך זיינען געווען מאגאזינען פון קערנער, קארטאָפל און גרינסן, וואָס די פּויערים האָבן אויף א צוואנג אופן צוגעשטעלט פאר דער מלוכה.

אין די אלע ביוראָען, אונטערנעמונגען, מאגאזינען און קראָמען, האָבן באקומען ארבעט הונדערטער מענטשן, — ס׳האָבן פּשוט אויסגעפעלט ארבעטס־הענט. ווער ס׳האָט נאָר געקענט א ביסל רוסיש איז געוואָרן א בעאמטער. אפילו פון די ארומיקע דערפער זיינען יונגע פּויערים געקומען ארבעטן אין שטעטל. משה פּערסקי איז געווען דער הויפּט־בוכהאלטער פון ״פּאָטרעבסאָיוז״, וואָס האָט אָנגעפירט מיטן האנדל אין גאנצן ראיאָן.

אין זעלבן ביורא האָבן געארבעט ארום 15—16 יידישע בחורים און מיידלעך. יאַנאס איצקאָוויטש איז געווען הויפּט־בוכהאלטער פון פינאנסן און שטייערן־אמט.

די בעלי־מלאכות, שוסטערס און שטעפּערס, יידן און גויים, האָבן זיך אָרגאניזירט אין א קאָאָפּעראטיוו (ארטעל), וואָס איז געווען פארוואָרפן מיט ארבעט. דאָס זעלבע אויך די שניידער. דער פאָרזיצער פוןביידע קאָאָפּעראטיוון איז געווען דער שטעפּער ליאָווע לעווין.

די בעלי־עגלות און א טייל דאָרף־פאָרער האָבן געארבעט ביים פירן די סחורות פון די באזעס אין דער קרייז־שטאָט באראנאָוויטש, צו וועלכן דער ראיאָן האָט אָנגעהערט, ביים ברענגען בראָנפן פון מירער ספּירט־ברויערייִ, ווי אויך ביים איבערפירן די צוגעשטעלטע לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטן צו דער באַן־סטאנציע נאָוואָיעלניע.

לויט אן אָפיציעלער סטאטיסטיק פון סעפּטעמבער, 1940, האָבן אין לובטש געלעבט 2115 מענטשן; פון דעם, בערך 1500 יידן, אריינגערעכנט די 35 יידישע פּליטים פון די אָקופּירטע דורכן דייטש פּוילישע געגנטן. צווישן זיי, — שרייבערס, לערערס, אינזשינערן, דאָקטוירים, טעכניקער און אנדערע ספּעציאליסטן.

ס׳האָבן נאָך אין שטעטל געוואוינט א 200 סאָוועטישע מענטשן, צווישן זיי א סך יידן, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט די אלע אמטן און אָרגאניזאציעס. דאָס רוב פון זיי האָט געארבעט אין די פּארטייאישע אינסטיטוציעס, ראיאָן־קאָמיטעט פון דער פּארטיי, נ.ק.וו.ד. פּארטיי־קאבינעט, ״וואָיענקאָמאט״, ״אָסאָאוויאכים״, ״קאָמסאָמאָל״ א.א. כדאי דאָ צו דערמאָנען. אז די סעקרעטארין פון ״קאָסמאָמאָל״ — קאטיא, איז שפּעטער פארבליבן ביים דייטש און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר סאדיזם, ביים פּייניקן און מאָרדן די יידן; נאָכן ארויסטרייבן דעם דייטש, האָבן איר די רוסן דערשאָסן.

די לובטשער יידן האָבן, בדרך־כלל, עקאָנאָמיש פרייער אָפּגעאָטעמט; מען האָט ניט געהאַט קיין זאָרגן פון ארבעט און פרנסה, און דער אנטיסעמיטיזם האָט זיך איינגעשטילט. היות ווי ס׳איז געווען א קורצע צייט פון דער סאָוועטישער הערשאפט, זיינען נאָך געווען גרויסע רעזערוון

פון סחורות, נאָך פון די פּוילישע צייטן, און אויך דאָס רוב פּויערים זיינען נאָך ניט געווען קאָלעקטיוויזירט און האָבן צוגעשטעלט א שפע פון לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקטן, איז די עקאָנאָמישע לאגע, בדרך כלל, געווען א צופרידנשטעלנדיקע, — אָן קיין שום פארגלייך צו דער שווערער עקאָנאָמישער לאגע אין ראטנפארבאנד גופא. מען האָט פארן באקומענעם געהאלט געקענט ניט שלעכט אויסקומען. פארשטייט זיך, אז מיט דער צייט וואָלטן די סחורה רעזערוון געוואָרן אויסגעשעפּט, און דער קאָל־כאָזניק האָט ווינציק־וואָס צו פארקויפן אין שטאָט.

שטארק פארביטערט זיינען געווען די געוועזענע קרעמער און הענד־לער, — זייער פּרנסה איז מיט איינמאָל פארשניטן געוואָרן. עטלעכע חדשים האָבן זיך נאָך געהאלטן די גרעסערע קראָמען, ביז זיי האָבן אלץ אויספארקויפט. ס׳איז געווען א לענגערע אגאָניע פונעם יידישן האנדל. שפּעטער האָט דער שטייערן־אמט ארויפגעלייגט אויף זיי גרויסע שטייערן און האָט אוועקגענומען דעם גאנצן פארמעגן. א טייל קרעמער האָט געארבעט ביי שווארצע ארבעטן, א טייל ווידער, וואָס האָט געקענט רוסיש, האָט זיך איינגעאָרדנט אויף מלוכה׳שע פּאָסטנס. אָבער זייער פארביטערונג איז געווען גרויס און איז באזונדערס געקומען צום אויסדרוק, אין טאָג ווען די סאָוועטישע מאכט איז אנטלאָפן פון שטעטל. דעמאָלט זיינען אייניקע געוועזענע קרעמער — מיט א נקמה פייערל אין די אויגן — ארויס קערן דעם ברוק לכבוד די אָנקומענדע דייטשן, און האָבן געלאכט פון די עטלעכע יידן, וואָס זיינען מיטגעלאָפן מיט די סאָוועטן. זאָל עס זיי ניט זיין צום גנאי; זיי האָבן נעבעך ניט געוואוסט, וואָס עס דער־וואַרט זיי.

אין דער איינציקער מלוכה׳שער שפּייז־קראָם האָט מען געקראָגן צו קויפן פריי ברויט (געבאקט אין בלעכן, עס זאָל זיין א גרעסערער צוגאָב — ״פּריפּיאָק״); פּושקעס עכטע קאווע, וואָס קיינער אין שטעטל האָט ניט גענוצט, סיידן, אז מען האָט געליטן פון א שילשול; גרויסע פלעשער מיט דענאטוראט, וואָס מען האָט אין שטעטל אויך ניט גענוצט; ״פּרוקטאָווי טשאי״ (ערזאץ־טיי פון געטריקנטע בלעטלעך און פּסולת פון פרוכטן), און בראָנפן. טאָג און נאכט האָבן די בעלי־עגלות געפירט

פולע פורן מיט בראַנפן און ס׳איז אלץ געווען וויניק. די פויערים האָבן מער ניט געדארפט שפּאָרן זייער געלט אויף קויפן ערד, האָבן זיי פארגאָסן זייער קומער מיטן ״ביטערן טראָפּן״.

פון צייט צו צייט האָט מען אויך פארקויפט צוקער, א ביליקן סאָרט צוקערלעך, סיגארעטן, זייף און שוועבעלעך. אָבער אלץ איז געווען באגרענעצט און מען האָט געמוזט א גאנצן טאָג שטיין אין ריי.

די קאלטע געטראנקען זיינען געווען אויף סאכארין, און אייז־קרעם האָט מען באקומען נאָר ווען מען האָט געבראַכט צוקער.

אין דער צווייטער מלוכה׳שער קראָם האָט מען שטענדיק געקענט פריי קויפן א ביליקן פערפום, פארשיידענע קיטשיקע בראָשקעס און קרעלן. פון צייט צו צייט האָט מען געבראַכט שיך, א ביסל טריקאָ־וועש פאר מענער, קאלאָשן, סקארפּעטן און ביליקע דאמען־זאָקן. אין אזא פאל פלעגט מען שוין זיך שטעלן אין ריי ארום 12 אזייגער ביינאכט, און ס׳פלעגט פאסירן, אז נאָכן אָפּשטיין 10—12 שעה אין ריי, האָט מען שוין גאָרניט באקומען. אָבער, ווי שוין פריער דערמאָנט, האָט מען נאָך ניט געפילט דעם מאנגל אין סחורות, — מען האָט געהאט רעזערוון פון פריער, און מ׳האָט אויך געקראָגן צו קויפן ״הינטנארום״.

דער גאָרטן ארום דעם אלטן שלאָס איז געעפנט געוואָרן פאר דער באפעלקערונג. מען האָט דאָרט געמאכט א פארק, — אויסגעפלאסטערט סטעזשקעס, אוועקגעשטעלט ביינק, געפלאנצט בלומען, און ביז שפּעט אין דער נאכט אריין פלעגט דאָרט די יוגנט פארברענגען, זינגען און זוכן שטילע, אינטימע ווינקעלעך.

אין דעם ניט פארענדיקטן פוילישן תבואה־סקלאד, אין שכנות פון דער געוועזענער פוילישער פּאָליציי, איז געעפנט געוואָרן א קינאָ, וואָס האָט אויך געדינט פאר פארזאמלונגען.

די דריי בתי-מדרשים און שולן זיינען געוואָרן תבואה-מאגאזינען, וואו מען האָט געזאמלט די תבואות, וואָס די פויערים האָבן געמוזט צושטעלן דער רעגירונג, — אָבער די צערקווע האָט מען ניט אָנגערירט. יעדן זונטיק האָבן אירע גלעקער געקלונגען און די גוים האָבן ווי פריער אָפּגעריכט דאָרט זייערע תפילות.

סוף 1921 זיינען אין שטעטל געקומען די צווי שוועסטער לאה און פרומקע אַשעראַווסקי. ארום זיי פלעגן זיך שטענדיק קלייבן די קליינע קינדער, מיט וועלכע די טייערע פרומקע פלעגט ליב האָבן צו פארנעמען זיך ווי א גוטע פרעבליסטין. דעמאָלט איז ביי אונדז אויפגעקומען דער געדאנק, צו אָרגאניזירן א פאָלקסשול פאר די קינדער. די שול האָבן מיר איינגעאָרדנט אין א טייל פון דעם ווייסן בית־מדרש, וועלכער איז אויפ־געריכט געוואָרן פון זיינע חורבות. די ערשטע צווי לערער זיינען געווען חיים פערסקי און לאה אַשעראַווסקי. געלט פאַר דער שול, און צו פאר-ריכטן דעם ווייסן בית-מדרש, האָט געגעבן די הילפס־געזעלשאפט ״יעקאָפּאָ״ אין ווילנע. דרך-אגב וויל איך דערמאָנען, אז דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט דער איניציאטיוו פון מיין פאָטער און פון טוביה דעם שמש (שימשעלעוויטש), וועלכע האָבן געגעבן א סך מי און ארבעט צו רעאלי־זירן דעם געדאנק.

מיר האָבן אויך געגרינדעט א ביבליאָטעק, ס׳האָבן זיך תיכף באוויזן א סך טרייע לייענער פונעם יידישן און העברעאישן בוך. אויך די ערשטע ביכער האָבן מיר באקומען פון ״יעקאָפּאָ״ אין ווילנע. אויף וויפל מיין זכרון דינט מיך, איז די ערשטע אָרגאניזיר־קאָמיסיע פון דער ביבליאָטעק באשטאנען פון די חברים: חיים ברוק, בערל קאבאק, באשקע שימשעלע־וויטש, ראובקע בערקאָוויטש, ראשקע דעם שמידס, שיינקע געלפאנד און מיין וויינשטיין.

אין 1923 בין איך אוועק פון לובטש.

## א קאָמעדיע.

די גרינדונגס־אקאדעמיע פון בית״ר, איז פאָרגעקומען אין דער רעמיזע פון די פייערלעשער.

שלמה קאלמאנאָוויטש איז געשטאנען ביי דער טיר און אריינגעלאָזט די מענטשן. קומט צוגיין א בחור און גיט אים א פרעג:

— שלמה, וואָס קומט דאָ פאָר?

— א טרומפעלדאָר־קאָמעדיע, האָט אים שלמה געענטפערט.

משה קאַגאַנאָוויטש

# שטעטלעך פון הייזער און אָקאָפּעס

(פון א רייזע איבער דער ווילנער פּראָווינץ)

פאַרעפנטלעכט אין „מאָמענט" נומער 210,
דעם 8־טן סעפטעמבער, 1932.

לובטש און דעלאַטיטש זיינען צוויי קליינע שטעטלעך ביים ניעמאַן, וועלכער פליסט דאָ לענג אויס די גאַסן פון ביידע שטעטלעך און גיט זיי צו פיל חן און פּראַכט. ביידע שטעטלעך האָבן זיך אָפּגעבויט אין די ערשטע נאָך־מלחמה יאָרן (1918—1923) פון זייערע חורבות.

לענג אויס פון ביידע זייטן טייך האָט זיך אַמאָל געצויגן דער דייטש־רוסישער פראָנט, במשך א פּאָר יאָר. די גאַנצע באַפעלקערונג איז עוואַקו־אירט געוואָרן און געפונען א מקום מנוחה אין די ווייטערע ארומיקע שטעטלעך.

נאָך דער מלחמה האָבן זיך די יידן פון ביידע שטעטלעך צוגלייך ווי די פּויערים פון די דערפער אומגעקערט אין זייערע היימען און מיט פלייס און אויסדויער זיך גענומען אָפּבויען און באַאַרבעטן די שוואַרץ־פּרוכטבאַרע, געבענטשטע ערד פון דעם קאַנט. די איינוווינער ווייסן פיל צו דערציילן וועגן יענע ערשטע טעג, ווען מען האָט זיך אויפגעהאַלטן צייטווייליק אין די אָקאָפּעס און געוווינט אויסגעשטעלט אויף אַלערליי געפאַרן. פיל מענטשן זיינען דערהרגעט געוואָרן ביים גראָבן און אַקערן, פון די שראַפּנעלן, גראַנאַטן און באָמבעס, וועלכע זיינען געבליבן שטעקן אין דער ערד. א דאַנק דער הילף פון קרובים אין אַמעריקע און די גרויסע הלוואה פון דער ווילנער „יעקאָפּאַ", איז געלונגען זיך צו בויען הילצערנע הייזלעך און קראָמען. ביים היינטיקן טאָג ציילט לובטש 450 פאַמיליעס, צווישן זיי איבער 300 יידישע.

דעלאַטיטש איז פיל קלענער און האָט דעם אויסזען פון א גרויס דאָרף. געפינענדיק זיך 5 קילאָמעטער פון לובטש מאַכט זי דעם איינדרוק פון

א מין פאַרשטעטל צו יענער. זי איז טאַקע אַנגעשלאָסן צו דער לובטשער קהלה און באַנוצט זיך מיט אירע כלי־קודש. די ערשטע יאָרן האָבן פיל יידן געמאַכט א לעבן פון דער פאַרגעקומענער מלחמה; מען האָט געהאַנדלט מיט שטעכיקן דראָט, מיט באַן-שינעס, מיט די באַזונדערע טיילן פון די פונאַנדער גענומענע אָקאָפּעס, ביז די מיליטערישע העכערע מאַכט האָט עס דערקלערט פאַר א מיליטעריש אייגענטום, און פאַרבאָטן עס פונאַנדער צו נעמען.

די גרויסע צעמענט אָקאָפּעס ציען זיך דאָ לענג אויס דעם ניעמאַן. ביזן היינטיקן טאָג געפינען זיך פיל אָקאָפּעס אין די שטעטלעך צווישן די הייזער, שטאַלן און שייערן, און די באַפעלקערונג באַנוצט זיך מיט זיי טיילווייז צו פּראַקטישע צוועקן (האַלטן קאַרטאָפל א.א.וו.).

די ערד דאָ איז ווי געזאָגט זייער א פּרוכטבאַרע, א שוואַרצע, א שטיינלאָזע ווי ערגעץ ניט אין גאַנץ ווילנער געגנט. דאָ גייט א גרויסער האַנדל מיט תבואות, פלאַקס, זוימען, וועלכע איז דאָ גוט געראָטן. דאָ ווערט אויסגעאַרבעט ״האָלענדישער״ קעז, וועלכער ווערט צעשיקט איבער גאַנץ פּוילן, פון ברעג ביז ברעג, און איז באַקאַנט אין די גרויסע צענטערס אַלס ״ליטווישער״ קעז. די פאַקטערס, וועלכע נעמען די מילך ביי פּריצים, האָבן די לעצטע יאָרן, צוגעלייגט זייערע פאַרמעגנס צוליב דער גוואַלדיקער ביליקייט פון קעז, וואָס האָט איבערגעשטיגן אַלע מעגלעכע אויסרעכע־נונגען (2,00 — 1,70 זלאָטעס, דעם לעצטן יאָר).

עס זיינען פאַראַן א היבש ביסל יידישע גערטנער, וועלכע באַשעפ־טיקן זיך מיט צושטעלן דעם פּריסטן גרינס פון זייערע אייגענע גרויסע גערטנער אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. אין די ערשטע נאָך-מלחמה יאָרן האָט זיך עס זייער גוט באַצאָלט, צוליב דער טייערקייט פון לעבנסמיטלען און א ביסל יידן זיינען אפילו געוואָרן דערפון גבירים. אָבער די שפּאָט-ביליקע פּרייזן אויף די אַלע אַרטיקלען (תבואות, פלאַקס, זוימען, קעז, גרינס, פּרוכט), האָבן געבראַכט דערצו, אז יידן נעמען איצט אָפּ פאַר דער שווער פאַרהאָרעוועטער פּראַצע בוכשטעבלעך גראָשנס. די לייזונג אין די קראָמען און ביר־געשעפטן איז צוליב דער פאַראָרעמונג פון פויער געפאַלן ביז מינימום.

איך בין געווען אין לובטש אויף דעם איינציקן גרעסטן יערלעכן יריד אין שטעטל, אויף ״איליא״, ווען מען פלעגט אלע יאָרן לייזן ממש גאָלד. היינט אָבער זיינען די לובטשער קרעמער געשטאַנען מיט פארלייגטע הענט אינמיטן יריד. דער פויער דינגט, באקוקט די סחורה, איז מודה, אז ס׳איז ביליק און גייט דאָך אוועק גאַרניט קויפנדיק. דערפאר איז דאָ דער זול אויף אלץ אן אומגעהויערער. אוגערקעס האָט מען זיך געבעטן מיט 10 גראָשן פאר א שאָק און קארשן צו 10—8 גראָשן פאר א קילאָ.

דער אלגעמיינער איינדרוק איז, אז הגם אויך לובטש און דעלאטיטש זיינען שווער געטראָפן פון קריזיס, דאָך איז דער מאטעריעלער מצב פון יידן, אין פארגלייך מיט אנדערע שטעטלעך, א באפרידיקנדער. די הוצאה איז דאָ א קליינע, אלץ איז שפּאָט ביליק, מען האָט גרינס, קארטאָפל פון די אייגענע גערטנער, דער לעבנס-ניוואָ איז פון אלעמאָל א נידעריקער. מען האָט גלייכצייטיק צו עטלעכע באשעפטיקונגען: א פאקט, א קראָם, תבואה מסחר א.א.וו. און א חוץ דעם האָבן די לובטשער א נאָמען פאר קארגע, דערפאר טאקע האָבן זיי דערהאלטן די קאפּיטאלן פון די גוטע יאָרן.

לובטש פארמאָגט א קאָאָפּעראטיווע באנק, א גמילות חסד, א פּאָר אָרגאניזאציעס און פאריינען (״השומר הצעיר״, החלוץ, בית״ר, פּועלי ציון), א 5 קלאסיקע ״תרבות״ שול און א דראמאטישער פאריין, וועלכער טומלט ארום זיך, קאָנצענטרירט די שטעטלשע יוגנט און לעבט זיך אויס געזעלשאפטלעך און גייסטיק. זומער זיינען זיי אלע פאקטיש האלב טויט. די יוגנט העלפט צו די טאטעס ביי די גערטנער, פאקטן, אין די קראָמען און א חוץ דעם ציט דער שיינער ניעמאן צום באָדן און שפּילען זיך . . .

ערשט ווען דער ווינטער קומט מיט זיינע גרויסע נעכט און קאלטע טונקעלע טעג אין שטעטל אריין, ווען דער פראָסט בינדט דאָס שטיפערישע וואסער פון ניעמאן אין קייטן פון אייז, ערשט דאן גייען די יוגנטלעכע אוועק אין די אָרגאניזאציע לאָקאלן, וועלכע זיינען גלייכצייטיק אויך ראנדעווו־ערטער.

לובטש און דעלאטיטש, די הילצערנע הייזער און די צעמענטירטע אָקאָפּעס, רוען דאן ביז פרילינג, ביז דער ניעמאן זאָגט אָן דעם אָנקום פון דעם פריילעכן, לעבעדיקן טייל פון יאָר — פון זומער.

**געבראכט צום דרוק: משה צינוביץ׳**

## א געלע כלה..

יענטע איז מיט מזל געוואָרן א כלה. ס׳רעדט זיך אזוי לייכט ״געוואָרן א כלה״, ס׳האָט געקאָסט א סך מי, צייט און גאָר א סך רייד, ביז דעם שדכן איז געלונגען צו איבערצייגן דעם חתן, סיי זיינע עלטערן און באקומען זייער הסכמה צום שידוך.

נאָך דעם איז ערשט געקומען די אמתע פּרשה פון דינגעניש און הבטחות, ווי דען אנדערש? א טיש מיט שטולן, בעטן, א קאנאפּע, א פּאָר יאָר קעסט און נאָך א סך זאכן, טאקע ווי אין ווערטל זאָגט זיך: ״צוזאָגן און ליב האָבן, קאָסט ניט קיין געלט״.

וואָס טוט מען אָבער מיט דער כלה׳ס האָר, די כלה איז נעבעך א געשטראָפטע פון גאָט — א מויד מיט רויטע ברענענדיקע האָר — א געלע. שטאמלט מען ביסלעכווייז אויס דעם אמת, מורא געהאט, אז דער חתן וועט חרטה האָבן און אויס שידוך.

דערהערט אזא זאך רופט זיך אָפּ דער חתן גאנץ רואיק:

א געלע כלה, ס׳מאכט ניט אויס, ביי מיר וועט זי פארשווארצט ווערן... ח. י.

## „קאק סטאַי״..

די מאמע פון מייטע קאסמאיעוויטש דערציילט א גליקלעכע פּאר ווייבער, אז צו איר טאָכטער שדכנט זיך א בחור פון ראדון, אמת ער איז ניט אזא יונגער, אָבער דערפאר א רייכער און ער איז גרייט צו נעמען זי אָן נדן, אָן א וועלכן ס׳איז אויסשטייער, — ער נעמט זי ״קאק סטאַי״ (געמיינט: אזוי־ווי זי שטייט און גייט). ה. ק.

חנה דיכטר

# האור הגנוז של האם היהודיה בלובץ'



בשלהי קיץ 1933 הגעתי ללובץ'. באתי לשם אחרי שלוש שנות עבודה, בבית-ספר "תרבות" בוארשה הבירה. עגומות היו מחשבותי בדרך לעיירה. חשבתי כי חיים משעממים ועלובים אחיה בפינה נדחת זו, הנמצאת רחוק כל־כך ממרכז תרבותי. הסביבה ודאי נחשלת, חשבתי, והתושבים, כבכל עיירה קטנה, נתונים לדאגות הפרנסה עד כלות הכחות ואינם פנויים לפתח חיי רוח. אולם לשמחתי הרבה, לא התאמתו מחשבותי. האנשים היו חביבים. חבר המורים בבית־הספר גדול, אחראי ומסור. בנין בית-הספר רחב ידים, הומה מילדים בריאים ועליזים, הנהנים מחנוך עברי מלא.

בבית-הספר פעל ועד הורים מסור ואחראי, אתם נפגשנו, אני — והמורים החדשים האחרים — לשיחה ממושכת בשבת הראשונה לשהותנו בעיירה. היו אלו אנשים שומרי מסורת, אשר הלכו בבקר, כמקובל, לבית־הכנסת לתפילת-שבת, שבו בנחת לביתם, טעמו ממאכלי-השבת ורק אחרי זה קיימו את הפגישה עם המורים החדשים, כדי להכירם מקרוב. השיחה היתה נעימה ולבבית, הרגשתי מיד, שמצאנו שפה משותפת, וכי בכחות משותפים נבסס את בית־הספר העברי בלובץ'. הם סיימו בהבטחה: "אנו מבטיחים למורים משכורת נאותה, כדי שיוכלו להתמסר בלב שקט לעבודתם הפדגוגית". נדהמתי, מאין ליהודים אלה גישה כה נכונה, הריהם רחוקים מיסודות הפדגוגיה וטרודים במלחמת הקיום; אולם יהודים טובים אלה, נשאו בלבם חובה לאומית ומורשת, אותה קבלו מאבותיהם. מאז — התמסרתי לבית-הספר, לילד, לנוער וביחוד לאם. כעבור זמן קצר השתלבתי במסכת החיים של יהודי לובץ', שותפה לדאגות ההורים והילדים כאחד.

כדי להכיר מקרוב כל אחד מתלמידי, התחלתי לבקר בבתיהם. רציתי לראות את תנאי הדיור ואורח חייהם. בשובי לחדרי, העליתי את רשמי על הניר. התמונה היתה עגומה מאד. בעיקר נגעו ללבי חייה הקשים של



קבוצת תלמידי בית־הספר "תרבות" בשעור התעמלות

האם היהודיה, ראיתי את סבלה, ושתיקתה העידה: זהו גורלי! הבנתי לרוחה — עומדת נבוכה ללא השכלה וללא נסיון, מול הזרם החדש אותו לא הכירה. רק האינסטינקט האמהי שהעניק לה הטבע נותר לה, בכחו של

זה, עליה לתת כל הדרוש לחנוך הילד. מובן שזה מעט מדי, ודאגותיה רבות מאוד: בבית ילדים מספר, דוחק וצפיפות, האב, בעל־מלאכה שעבד בדרך־כלל בבית, והאם עוזרת לו בדאגות הפרנסה. בבית רעש והמולה, מפריעים זה לזה אף מבלי שירצו בכך. האמצעים החומריים דלים וכל העול הכבד לחנוך הילד, ולסיפוק צרכיו החומריים והרוחניים, "נפל" על ראש האם: להכין אוכל, לדאוג לבגד חדש, שלם ונקי. לספק ספרים ומכשירי למוד, והן לדאוג לבריאותו ולהתקדמותו בלמודים.

אורח חיים זה של האם, גזל את מנוחתי. התחלתי לחפש דרך כדי לעזור לאמהות הטרודות והעמלות. לשם כך ערכתי תכנית בת כמה סעיפים:

א. לקיים כל ליל־שבת אספות כלליות. באספות אלה דנתי בנושאים על השינויים שחלו בחיי האשה בארץ־ישראל: עמדת האשה בחברה ומאבקה למען שוויון ועצמאות בכל שטחי־החיים; התעכבתי בעיקר על החידושים בשיטות החנוך.

ב. לערוך מסיבות בכל חג ומועד, כדי להקנות לאם ידע, על מהות חגי־ישראל וערכם לחנוך הילד.

ג. לקיים כל חודש קבלת־הורים; בפגישות אלה פתרנו בעיות אינדיבידו־אליות, בהן התלבטה כל אם.

תופעה חוזרת היתה שאחרי סיום האספה או המסיבה, לא מהרו האמהות לשוב הביתה. הן רצו לשהות במסגרת זו עוד קצת, אולי ישיגו את הדרוש להן לחנוך ילדיהן. ואכן, השיגו רבות. הפגישות הסתיימו לרוב בשעה מאוחרת בלילה. בחוץ שררה חשכה והדרך לחדרי היתה די ארוכה, אך כולן המשיכו ללכת יחד אתי. הן לא שמו לב לקור, לגשם ולרוח עד שנפרדנו וכל אחת פנתה לעבר ביתה.

נוכחתי שפגישות אלה הפכו לתוכן חייהן. אפשר בהן לספר הכל, אפשר לגול אבנים כבדות מעל הלב, הדואב והאוהב, כאן תמצא תמיכה ועדוד, עזרה ועצה.

## קבלת־הורים

הנשים נכנסו לחדרי בהביאן בעיותיהן המרובות. אהבתי להסתכל

בפניהן, בהכנסן לא העזו לשבת, לא ידעו במה להתחיל, ולעתים אף פחדו לשאול. ידעתי שהתנהגותן נובעת מצניעות, לכן פתחתי בשיחה. ספרתי לאם הנבוכה על ילדה, על השגיו בלמודים, הבאתי דוגמאות של חנוך נכון. ספרתי שהאל דאג לה ונתן לה חכמה רבה וידע נצחי, וזהו לב־אם, החש בכל שינוי שחל בחיי הילד. עליה להראות לילד שהיא מבינה כל מה שהוא קורא ולומד; עליה להשגיח עליו בשעת הכנת שעוריו ולהקשיב בסבלנות לדבריו. כך יווכח הילד שעיניה צופיות על דרכיו ומשגיחות על חנוכו, תוך דאגה והשתתפות פעילה. האם יצאה מפגישה זו, בהרגשה של בטחון, אמונה בכחותיה ובתחושה, כי מעתה תדע איך לנהוג.

האם החלה לשמור על מסגרת המשפחה, תוך הקפדת יתר על הווי החגים. הדליקה נרות שבת כמספר ילדיה, בבית היתה אוירה חגיגית מאוד. על השלחן פרושה מפה הבוהקת בלבנה, הנשמרת רק למטרה זו. בכל שבת וחג הכינה מאכלים טובים כדי לשפר את ״טעם החג״.

אמו של לייב קלמנוביץ׳ אמרה לי: ״המורה, לו ידעת בכמה מאמצים עולה לי כל זה. אך מאז שיחותינו הוברר לי תפקיד הבית, קודם חשבתי שהחנוך המסורתי אינו מספיק כדי לחנך את הילד. עתה, מובן לי הכל, אלה הם היסודות לחנוך יהודי טוב. כך קושרת אני את לב ילדי לעמו ולתורתו״. לויתיה עד מעבר לדלת של חדרי ולחיצת יד חמה הפרידה בינינו, אולם בלבי השאירה שיחה זו אור רב ותקוות לעתיד טוב.

אם אחת לא יכלה להופיע לשיחות אלו. היתה זאת אמו של דניאל אייזיקוביצקי. אשה צעירה זו היתה משותקת ורתוקה למטתה. הבנתי לנפ־שה וסרתי לביתם. הבאתי עמי את יומן הציונים, מחברות הילד וחיוך על פני. רעד עובר בגופי עד היום כשאני נזכרת באשה זו. דמותה נצבת לפני; פניה החוורות הביעו צער עמוק. מתוך פניה בלטו שתי עינים כחולות, גדו־לות ועמוקות. עיניה בלשו אותי וזלגו דמעות, זעקו חמס על גורלה המר. התישבתי לצידה וספרתי בנחת, על בנה העדין. היא לא דברה, רק מתנו־דות גופה הבנתי אשר עם לבה. נחמתיה: — אל דאגה, האל נתן לבנך לב טוב ונבון, שכל רב ועצמאות. הוא עושה דרכו בחיים בצעדים בטוחים. היא לטפה את ידי; היתה זאת תודתה של אם אומללה. ביקרתיה בקביעות, אחד לחודש, ידעתי שביקור זה מביא קרן אור לעולמה החשוך והמלא יאוש.

— רוצה אני לספר על אמהות אלו עוד ועוד, אך לצערי הגדול, הזמן וצרות ישראל, השכיחו שמותיהן מלבי. אולם את טוהר מעשיהן וגודל סבלן נושאת אני אתי. גוללתי טיפה אחת מחיי אמהות לובץ׳ שגדלו ילדיהן בצער ובעוני, במחסור ובדאגות, חסכו מפיהן כדי שילדיהן יהיו שבעים. מה רב הצער שלא זכו בחייהן להנות מעמלן הקשה. אולם אורן הגנוז, עולה ומאיר את התקופה ההיא בחיי.



היה זה ליל-שבת. הרציתי על דרכים חדשות בחנוך בארץ-ישראל. השעה היתה שמונה בערב. לאולם בית-הספר נהרו מכל פינות העיירה, אנשים, נשים ונוער. האולם התמלא עד אפס מקום. לפעמים כבה החשמל שלא פעל כשורה, אולם איש לא שם לב לתקלה, ישבו שעה ארוכה בסבלנות, עד שתוקן החשמל.

העליתי קוים מהדמות החדשה של האם בארצנו; שם, בארץ-ישראל, מחנכים את הילד לעמל ולגבורה, שם מחדירים בו בטחון ואומץ. הדור החדש צריך להאבק על כל שעל אדמה, עד שעם-ישראל יגיע לעצמאות מדינית. שם נוצר שיר-ערש חדש — שיר העבודה והיצירה, שיר החריש והקציר.

השיחה נמשכה שעה ארוכה. הצצתי לתוך עיני הנוכחים; חפשתי לאות, נמנום קל על העפעפים, הרי באו אחרי שבוע קשה של עמל, אחרי הכנות השבת. אך פניהם הביעו רעננות, רכוז ועירנות. פה ושם בקעה אנחה חרישית.

סיימתי שיחתי. באולם השתררה דומיה עמוקה. איש לא התרומם ממקומו. אמרתי ״שבת שלום״! אך כולם נשארו במקומותיהם. לפתע שמעתי קול אשה: ״תודה, על התענוג שגרמת לנו הערב. למדנו תורה חדשה, לאורה נחנך את ילדינו״.

יצאנו מהאולם. היה ליל חושך ואפלה, אך נתיב אור גדול נמתח לאורך השביל והאיר לי בדרכי: היה זה האור הגנוז של האם היהודיה בלובץ׳.

איציק מאנגער

## מיין מאמע

דער שבת־קודש בענקט נאָך דיינע איידעלע הענט
(אין די מעשענע לייכטער אויסגעבר'ענטע שבת־ליכט)
דער טויט האָט זינט לאַנג פארשאָטנט דיין געזיכט,
די מאמעס פונעם חומש טרויערן ביי די ווענט.

דאָס „גאָלדענע ציגעלע" אונטער מיין חרובער וויג
בענקט די נשמה אויס נאָך דיין וויגן־ליד,
מיט געבראָכענע פליגל די גאָלדענע פאווע פליט
און טראָגט אין איר שנאָבל דאָס פאלשע פינגערל „גליק".

נאָר גאָט איז דאָ, דער גאָט פון דיינע אויסגעוויינטע נעכט,
דו האָסט דערציילט מיר, ער איז גרויס און אומגערעכט
ווייל ער פייניקט זיינע באשעפענישן אויף דער ערד.

דיין גלויבן און דיינע טענות קלינגען נאָך אין מיר,
ווען איך טראכט איצט פון דיין קבר און איך טראכט פון דיר
און צאָל דיר אָפּ די טרערן, וואָס דו האָסט געטרערט.

מינע ברענער

# איך געדענק מײַן שטעטעלע דעלאַטיטש



כ׳בין געבוירן געוואָרן אין דעלאַ־טיטש. אָבער, כ׳געדענק ניט, צי ס׳איז געווען נאָך דער ערשטער שריפה, אָדער נאָך דער צווייטער, ווייל דאָס שטעטל האָט אָפט געברענט. פלעגט מען אַלע וויכטיקע געשעענישן דאַטירן לויט די שריפות, און אויך מײַן געבורט איז געוואָרן דאַטירט לויט דעם.

איינע אַזאַ שריפה געדענק איך נאָך עד היום, ווי ס׳וואָלט ערשט נעכטן געווען, ווייל כ׳בין שוין דעמאָלט אַלט געווען צען יאָר. מײַנע עלטערן זײַנען פונקט דעם טאָג אַוועקגעפאָרן און מיר, זעקס קינדער, זײַנען אַליין געווען אין שטוב.

פּלוצלינג האָבן גענומען קלינגען די קלויסטער־גלאָקן און אַ געדיכטער רויך האָט פאַרשטעלט דעם הימל; ס׳האָט צוערשט געברענט די קלויסטער גאַס; לאַנגע פייער־צונגען האָבן זיך איבערגעוואָרפן פון איין שטרויענעם דאַך צום צווייטן, און באַלד זײַנען שוין געשטאַנען אין פלאַמען דער מאַרק, די קאַרעליטשער גאַס און דאָס קיידער־געסל.

מײַן עלטערע שוועסטער האָט גענומען אויף די הענט דעם קליינעם ברודערל, און אים אַוועקגעטראָגן צום זיידן. אָבער ביז זי איז אַהין דערגאַנגען, האָט שוין אויך דעם זיידנס הויז געברענט, און זי איז מיטן ברודער אַוועק צום ברעג ניעמאַן.

מײַן ייִנגערער ברודער האָט אַרויסגעטריבן די קו פון שטאַל, און דער צווייטער ברודער האָט געבונדן דאָס בעטגעוואַנט. איך האָב זיך נאָכגעיאָגט און געוואָלט כאַפּן אונדזער הון, און ווי אויף צו להכעיס,

איז זי פארקראָכן אין קאָטוך, אונטער דעם גרויסן באַק־אויוון. בדרך־כלל זיינען די הינער פריי ארומגעגאנגען אין שטוב, און ווען ס׳איז געקומען די צייט צו לייגן אן איי, פלעגן זיי ארויפקריכן אויפן בעט קוואַקטשענדיק. מען פלעגט זיי איבערדעקן מיט א זיפּעלע און נאָך עטלעכע מינוט פלעגן זיי לייגן אן איי און אראָפּשפּרינגען פון בעט. איך האָב זיך געלייגט אויף דער ערד און געטריבן די הון מיט א שטעקן, האָט זי זיך באהאלטן נאָך טיפער אין א ווינקל פון קאָטוך. די פלאמען האָבן שוין דערגרייכט צו אונדזער שטוב און דער רויך האָט גענומען שטיקן. פלוצלינג האָבן א פּאָר שטארקע הענט מיך א הייב געטאָן פון דער ערד, מיט א געשריי: ״אנטלויף! לאָז צורו דיין הון, אנטלויף!״ אויפן וועג צום ניעמאַן האָב איך געדארפט דורכלויפן דעם מארק, וואָס איז געווען ארומגענומען מיט א גהינומדיקן פייער. אין מיטן מארק איז געווען א שיינק און ווען דער בראָנפן האָט זיך אָנגעצונדן האָבן פון דאָרט גענומען ארויסזעצן פלאמיקע שטראָמען.

אין דעלאטיטש האָט צו יענער צייט געלעבט אן אלמנה, ביילע די פּאַקטערקע. מען האָט דערציילט, אז זי איז געווען א רייכע פרוי און ווען איר מאן איז געשטאָרבן, האָט זי אוועקגעלייגט אירע זאכן ביי מיין זיידן אין שפּייכלער. בעת דער שריפה איז זי געלאָפן ראטעווען אירע זאכן. זי איז אריינגעלאָפן אין שפּייכלער, ווען דער טויער האָט שוין געברענט, און די פלאמען האָבן זי ארומגעכאַפּט. קיינער האָט ניט געהערט אירע געשרייען, ווען זי איז פארוואנדלט געוואָרן אין א לעבעדיקן פאקעל און איז אומגעקומען צוזאמען מיט אירע זאכן.

די לובטשער יידן האָבן תיכף אריינגעשיקט פורן מיט שפּייז פאר די נשרפים און געהאָלפן מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט, כאָטש קיין גבירים זיינען זיי אויך ניט געווען.

אין לויף פון א קורצער צייט, האָט מען צוריק אויפגעבויט די הייזער, א סך באקוועמערע און מער מאָדערנערע פאר יענער צייט. ווער ס׳האָט געבויט מיט אייגענע מיטלען, ווער ס׳האָט אָפּגענומען ״סטראכאָווקע״ — פארזיכערונגס־געלטער, און אנדערע ווידער האָבן באקומען הילף פון קרובים אין אמעריקע.



דעלאטיטש איז געווען א שיין שטעטל, ארומגערינגלט מיט וועלדער, גערטנער און סעדער, וואָס האָבן ממש פארשיכורט מיט זייערע גוטע ריחות.

פרייטיק פארנאכט, נאָכן שליסן די קראָמען, ווען ס׳פלעגט אויפהערן דער וואָכעדיקער רעש, פלעגן זיך העל צעברענען ליכט אין די יידישע הייזער, און די מענער, איבערגעטאָן אין שבתדיקע מלבושים, פלעגן מיט מנוחה׳דיקע, געמאָסטענע טריט גיין אין שול אריין, מקבל פנים זיין דעם שבת.

אז מען איז געקומען פון שול, האָט זיך דורך די אָפענע פענצטער דערטראָגן דאָס געזאנג פון ״שלום עליכם מלאכי השרת״; דאָס האָט גרשון, דער מלמד, מיט זיינע קינדער מקבל געווען מיט געזאנג דעם הייליקן שבת. דער זון, משה, האָט מיט זיין שטארקער און אנגענעמער שטימע איבערגעשטיגן אלע קינדער. א צווייטער ייד, וועלכער האָט געהאט אן אויסגעצייכנטע שטימע, איז געווען שבתיל דער קצב, דער שטעטלשער בעל-תפילה אין די ימים-נוראים. אז שבתיל האָט זיך אוועקגעשטעלט פארן עמוד און אָנגעהויבן די תפילות, פלעגן די ווענט פון בית-המדרש ממש זיך טרייסלען. ביי די מתפללים פלעגן דעמאָלט די טרערן-קוואלן זיך אויפעפענען, און תחנונימדיק האָבן זיי אויסגעלייגט פארן אייבערשטן זייערע בקשות, מיטן פולן בטחון, אז זיי וועלן דערהערט ווערן...

בשכנות פון אונדז האָט געוווינט משה, דער סטאַראָסטע. זיין ווייב האָט געהאט א קראַם אויפן מארק. משה האָט זיך פארנומען מיט פארשרייבן די געבורטן און טויט-פאלן, צוגרייטן פאספאָרטן, מעלדונגען, אמתע און געפעלשטע, ווען ס׳איז געווען נייטיק כדי ארויסצוהעלפן א יידן. ביי משה׳ן אין שטוב איז אויך געווען די פאָטשט, וואָס מען האָט יעדן טאָג מיט א פור געבראכט פון לובטש. דעם פערד האָט מען אָנגעטאָן אויפן האלדז א רימען מיט גלעקעלעך, דאָס קלינגען איז געווען א סימן, אז די פאָטשט איז געקומען און מען דארף גיין אָפנעמען די בריוו. פאר

פינף קאפּיקעס איז מען מיט דער פּאָטשט געפאָרן קיין לובטש.

כ׳בין געווען אן אָפּטע אריינגייערקע אין הויז פון דעלאטיטשער רב, זיין טאָכטער, שאָשקע, איז געווען מיין חברטע. אויסער פסקענען א שאלה, ווען א מילכיק לעפל איז אריינגעפאלן אין א פליישיקן טעפל וכדומה, אָדער א דין־תורה, האָט דער רב געהאט דעם ״מאָנאָפּאָל״ צו פארקויפן הייוון און זאלץ. דערמיט האָט זיך פארנומען די רביצין, און דערפון האָבן זיי פאקטיש געהאט זייער חיונה. דער רב איז, אזוי־ארום, ניט געווען אָפּהענגיק פון די גבאים און גבירים פון שטעטל. ער האָט נאָר געדארפט בעטן גאָט, אז דעלאטיטשער יידן זאָלן האָבן וואָס צו עסן, וועלן זיי זיך אָן זאלץ און אָן הייוון ניט באגיין...

דעלאטיטש איז געווען געבויט, ווי אלע קליינע שטעטלעך אין אונדזער געגנט: אין מיטן שטעטל א מארק און אויפן מארק א שורה קראָמען, א שיינק, ווו די גויים האָבן געשיכורט, עטלעכע גאסן, דער ראָם, וואָס האָט געפירט קיין לובטש, און יורדיקע, וואָס איז געלעגן נאָענט צום ניעמאַן. פּסח־צייט, אז דער ניעמאַן האָט זיך צעגאָסן, האָט מען צו יורדיקע ניט געקענט צוקומען. דאָרט האָט געוווינט רבקה מיט אירע פיר טעכטער: סאָניע, מינע, איטקע און דבורה. זיי האָבן זיך פארנומען מיט באקן בייגל. די טעכטער זיינען געווען אינטעליגענטע מיידלעך, גערעדט ״אינטעליגענטיש״ און מיר פלעגן זיי מקנא זיין. מינע און איטקע זיינען אומגעקומען אין צייט פון גרויסן חורבן.

דער מארק און דער אָנהייב פון די ארומיקע גאסן, איז געווען באזעצט פון יידן. אין די ווייטערע טיילן פון שטעטל האָבן געלעבט די גויים. אונדזערע שכנים זיינען געווען קריסטן און מיר האָבן געלעבט מיט זיי אין די בעסטע באציאונגען. זיי האָבן ביי אונדז אין די שבתים געמאָלקן די קו, אויסגעלאָשן דעם נאפט לאָמפּ, אין די ווינטער־שבתים געהייצט דעם אויוון, געטאָן אלץ וואָס א שבת־גוי פלעגט טאָן פארן ייד. און דאָך האָט געהערשט א שנאה צווישן די צוויי פעלקער, כאָטש מען האָט ניט געקענט אויסקומען איינער אָן דעם צווייטן.

ווען ס׳פלעגט קומען א קריסטלעכער חגא־טאָג און איבער די גאסן פון שטעטל, פלעגט מיט געזאנג זיך ציען א רעליגיעזע פראָצעסיע, האָט

מען אונדז קינדער געהאלטן פארשפארט אין שטוב, מורא געהאט ארויס-צולאָזן אין גאס.

ווי שטארק מ׳האָט פיינד געהאט איינער דעם צווייטן, דער עיקר צוליבן רעליגיעזן פאנאטיזם, האָט דאָס ניט אָפּגעהאלטן צו זיין פארבונדן אין טאָג-טעגלעכן לעבן. א גאנצע וואָך האָבןביידע צדדים געוואַרט אויפן זונטיקדיקן מארק־טאָג, ווען די פּויערים פון די ארומיקע דערפער פלעגן קומען פארקויפן זייער האָב און גוטס צו די יידן. אין דעם טאָג פלעגט דער מארק ווערן באלעבט: מ׳האָט געקויפט און פארקויפט, אויסגעכאפּט איינער ביים צווייטן מציאות; גויים זידלען זיך, שילטן ״אין דער מאמען״ און אין טאטנס-טאטן אריין, פערד הירזשען, שעפּסן מעקען, אין שיינק זינגען שיכורע גויים, דער מארק איז פול געווען מיט קולות און געשרייען; די יידישע קרעמלעך פול מיט פּויערים, זיי דינגען זיך לאנג און שווער, מען גיט אכטונג מיט ״זיבן-אויגן״, אז די ״ערלים״ זאָלן עפּעס ניט ״לקחענען״, און מ׳האָט געדאנקט גאָט, וואָס ער שיקט צו פּרנסה פאר זיין פאָלק ישראל.

ווי אלע יידישע שטעטלעך האָט דעלאטיטש פארמאָגט א בית־המדרש, א חברה ״משניות״, א חברה ״עין־יעקב״, א חברה תהלים־זאָגער און א סך מלמדים. ס׳האָבן אויך ניט געפעלט קיין באלעבאטישע קבצנים. אויף דער גאס, וואָס פירט קיין לובטש איז געשטאנען די באָד, מיט דער מקוה און דער הקדש, פול באזעצט מיט יידישע קבצנים פון אלע עקן לאנד.

אין שטעטל האָבן געלעבט עטלעכע גרויסע תלמידי־חכמים און מ׳האָט דערציילט, אז זיי קענען ארויסטרייבן א דיבוק. עד־היום געדענק איך א מעשה שהיה אין דעלאטיטש, וואָס כ׳האָב געהערט דערציילן ביי מיין מאמעס שניידער-טיש:

א געוויסן טאָג איז געקומען אין שטעטל א יידענע מיט איר טאָכטער. פּלוצלינג איז דאָס מיידל אוועקגעפאלן אין מיטן מארק און האָט אָנגע-הויבן צו שלאָגן זיך אליין מיט די הענט אין קאָפּ אריין און שרייען מיט א ווילדער שטים: ״וועסטו גיין טרינקען וואסער ביי נעכען, אָן צו מאכן א ברכה ? !״ אז דער דיבוק האָט זי אָפּגעלאָזט, איז דאָס מיידל אויפגעשטאַ־

נען אן אויסגעמאטערטע, א באגאסענע מיט שווייס. די יידענע האָט דערציילט, אז מיט א יאָר פריער איז נאָך דאָס מיידל געווען געזונט און שטיל ווי א טויב. דארף זיך מאכן, אז זיי האָבן איבערגענעכטיקט א נאכט אין א שטאל וווּ ס׳איז געשטאנען א קו. אין מיטן דער נאכט איז דער דיבוק ארויס פון דער בהמה און אריין אין איר טאָכטער. היות, ווי אין דעלאטיטש לעבן תלמידי-חכמים, וועלכע ווייסן ווי-אזוי ארויס־צוטרייבן א דיבוק, וועט איר טאָכטער געהאָלפן ווערן און די פארוואָגלטע נשמה וועט קריגן א תיקון. צי דאָס מיידל איז טאקע געהאָלפן געוואָרן ווייס איך ניט, אָבער זינט יענעם טאָג בין איך אנטלאָפן פון א קו, ווי פון דער גרעסטער סכנה.

אפשר טאקע דערפאר האָט מען אונדזער שטעטל געקרויינט מיטן צונאָמען "דעלאטיטשער משוגעים". דעם אמת געזאָגט, זיינען אין שטעטל געווען א פאָר משוגעים אויך, פון וועלכע כ׳געדענק באזונדערס שעיה׳ן מיט זיידלען, זיין זון.

שעיה איז געווען א גרויסער למדן און אויך זיין ווייב איז געווען ניט אין גאנצן נאָרמאל. ווען שעיה איז איבערפולט געוואָרן מיט צרות פון זיין ביטער־שווערן לעבן, איז ער פלוצלינג ארויס מיט שארפע ווערטער קעגן דער גאנצער מענטשהייט. האָט מען אים טאקע דערקלערט פאר א משוגענעם, און אז קהל באשליסט עפעס וועגן א מענטשן וועט שוין קיין שום זאך דעם באשלוס ניט ענדערן.

אין מיין צייט האָט די באלעבאטישע יוגנט ניט געהאט צו וואָס זיך נעמען. פון א מלאכה האָט מען ניט שטארק געהאלטן, א בעל־מלאכה איז געווען א פלעק אין דער משפחה. עלטערן האָבן געוואָלט, אז זייערע זין זאָלן זיין לומדים אָדער סוחרים. אין שטעטל זיינען געווען רייכע וואלד־סוחרים ווי אויך וואלד־שאפערס. סיי מיין זיידע, אברהם ראבינאָ-וויטש, און סיי מיין טאטע, בערל, זיינען געווען שאפערס. רחל מאנעס מיט איר זון, הערצל, זיינען געווען וואלד-סוחרים. אויף איר האָט מען געזאָגט, אז זי האָט א "מאנסבילשן" קאָפּ. זי האָט געפירט דעם מסחר בעסער פון איר איינציקן זון. מיין מאמע, אסתר־כיענע, איז געווען א שניידערקע און האָט געהאלטן אייניקע ארבעטער. מען פלעגט ארבעטן

ביז שפעט אין דער נאכט אריין, דער עיקר ערב א יום־טוב. די מאמע איז געווען אן אשת-חייל און האָט געהאָלפן מיטשלעפן דעם יאָך פון פרנסה. מיט יעדן יאָר איז צוגעקומען א נייער מיטגליד אין דער משפחה.

ס׳איז געווען א שווער לעבן אויף אלע געביטן. וואסער האָט מען גע־טראָגן מיטן קאראָמעסל. זומער איז נאָך געווען א האלבע צרה, אָבער ווינטער, אין די גרויסע פרעסט, ווען דער ברונעם איז ארום און ארום פארקאָוועט מיט אייז, איז עס פארבונדן געווען ממש מיט סכנת נפשות. און אז מען האָט שוין ארויסגעצויגן דעם שווערן עמער פונעם ברונעם און זיך איינגעשפאנט אין קאראָמעסל, גיט זיך פלוצלינג די פוס א גליטש און אויס וואסער, ווידער דארף מען שעפן מיט די פארפרוירענע הענט. ס׳איז טאקע געווען א וואסערטרעגער, וואסיל, וואָס האָט פאר א קאָפּיקע געבראכט א קאראָמעסל וואסער; אָבער ווען וואסיל האָט זיך אָנגעשיכורט, און דאָס האָט געטראָפן זייער אָפט, האָט מען, במחילה, אליין געדארפט זיך איינשפאנען אין קאראָמעסל.

איז געקומען דער ווינטער האָט זיך אָנגעהויבן א פרשה מיט הייצן די אייוועלעך. א גוטער באלעבאָס, האָט זומער אָנגעגרייט האָלץ אויף ווינטער, ס׳האָט באוויזן זיך אויסצוטריקענען און ס׳איז נאָך געווען א האלבע צרה. אָבער די יעניקע, וועלכע פלעגן ווינטער קויפן האָלץ, וואָס איז געווען נאס און האָט שלעכט געברענט, איז גאָרניט געווען, צו מקנא זיין. אז מען האָט אויסגעהייצט דעם אויוון און פארמאכט דעם קוימען, איז מען ניט איינמאָל ארומגעגאנגען מיט פארטשאדעטע קעפּ. עפענען א פענצטער איז געווען פארבאָטן און ס׳איז טאקע ניט געווען מעגלעך צו עפענען, ווייל גלייך נאָך סוכות האָט מען אריינגעשטעלט א צווייטע פענצטער, — דובאָלטן. צווישן בײדע פענצטער האָט מען אריינגעלייגט וואטע און ארויפגעשאָטן אָנגעשווירענע שטיקלעך, קאָלירזק, פּאפּיר. מען פלעגט אויך אריינשטעלן צווישן די פענצטער פארשיידענע חנעווזדיקע צאצקעס, הינדעלעך, קאטשקעלעך א.א.וו. אלץ אליין אויסגעארבעט פון וואטע. מ׳האָט פארקלעפּט אלע שפּארונעס, עס זאָל חלילה א ווינטל ניט אריינבלאָזן. נאָר איין פאָרטקע — א לופטשיק — האָט מען יאָ געקענט עפענען, אָבער ווער האָט זיך דאָס פארגונען, אויסער די ״פּאָרגע־

שריטענע״?... האָט מען זיי אין דעלאַטיטש גערופן ״סנאָבן״, ווייל אנדערש פאסט זיי ניט, ווי צו עפענען ווינטער א פאָרטקע (!).

אז דער ווינטער האָט זיך געשטעלט מיט די גרויסע פרעסט, האָבן זיך די פענצטער באצירט מיט ווונדערבארע פראָסט־קווייטן, נאָר צו קוקן און הנאה האָבן. אָבער אזוי גיך ווי די פענצטער האָבן געגומען פרירן, האָט אויך גענומען פרירן די פאס מיט וואסער. האָט מען שוין געדאַרפט שטארק הייצן דעם אויוון, אז דאָס אייז זאָל אָפּגיין. דערווייל האָט מען זיך געזעצט ארום דעם אָנגעגלי׳טן אויוון, ווי די הינדעלעך אונטער דער הונס פליגלען. דער אויוון האָט ארויסגעגעבן א גאז פונעם פּעכיקן האָלץ, מיט די ריחות פון די פעטע עסנס, און מ׳האָט באקומען א קאָפּ־ווייטיק. איז מען געלאָפן צום פעלדשער און ער פלעגט עצה׳נען צו וואשן דעם קאָפּ מיט ווארעמע וואסער. צום סוף האָט מען אויסגעפונען א מיטל: אזוי־גיך ווי מ׳האָט פארמאכט דעם קוימען, איז מען ארויס אין דרויסן אויף דער פרייער לופט. און דער מיטל האָט טאקע געהאָלפן...

דעם פעלדשערס ווייב, יוכבד, איז געווען א הייבאם. זי האָט געהאָלפן די דעלאַטיטשער ווייבער, צו ברענגען זייערע קינדער אויף דער וועלט. ווי באַר זי האָט אָפּגענומען דאָס קינד, האָט זי עס געוואשן און גלייך איינגעוויקלט מיט לאנגע וויקל־בענדער, עס זאָל ניט קענען באוועגן מיט די הענט און פיסלעך. ס׳האָט ניט געהאָלפן דאָס קינדערישע שרייען און וויינען. יוכבד האָט געהאלטן, אז אויב די קינדער וועלן זיך באוועגן, וועלן זיי אויסוואקסן מיט קרומע הענט און פיס.

איר מאַן, מאיר דער פעלדשער, האָט פארטראָטן א דאָקטאָר; ער פלעגט געבן ריצנאויל, גלויבערזאלץ, ווערימקרויט פאר די קינדער א.א.וו. אז איינער האָט זיך געקלאָגט אויף ווייטיקן, האָט מען געשטעלט באנקעס, אמאָל אויך געהאקטע באנקעס אָדער פיאווקעס. אז מען האָט באקומען היץ, האָט מען צוגעלייגט צום קאָפּ א פענכער מיט אייז, אז דאָס האָט ניט געהאָלפן איז מען געגאנגען אָפּשפּרעכן אן עיין־הרע. צו א דאָקטאָר האָט מען געדאַרפט פאָרן קיין לובטש אָדער קיין נאָוואָרעדאָק.

ווען איך בין אלט געוואָרן זעקס יאָר, האָט מען מיך אוועקגעגעבן לערנען ביי שבתיל דעם מלמד. די שיטה פון זיין לערנען איז געווען א

פשוטע: "ו — וואָוו — א פאַסעקל מיט א קעפּעלע, " — יוד — א פינטעלע" א.א.וו. אַט אזוי האָב איך זיך אויסגעלערנט צו לייענען. שבתיל דער מלמד, איז געווען אַן אלטער, אויסגעדאַרטער ייד און ביים לערנען די קינדער פלעגט ער איינדרימלען און זיך גוט אויסשלאָפן. פאַרשטייט זיך, אז די תלמידים פלעגן זיך פשוט מחיה זיין.

אין מיינע קינדער-יאָרן האָב איך זיך פאַרגעשטעלט, אז די וועלט איז ווי א לייטער מיט שטאַפּלען: דער ערשטער שטאַפּל איז דעלאַטיטש, דער צווייטער שטאַפּל — לובטש, נאָך דעם קומען נאָוואַרעדאָק, מינסק, וואַרשע און סאַמע אויבן איז אמעריקע — דער סוף פון דער וועלט. ס'איז דאָך געווען די צייט פון דער גרויסער עמיגראַציע קיין אמעריקע. מען האָט גערעדט וועגן אמעריקע, ביים עסן און ביים לייגן זיך שלאָפן. מענטשן האָבן געליען עטלעכע צענדליק רובל און אוועקגעשיקט זייערע קינדער אינעם גאָלדענעם לאַנד, מיט דער האָפענונג, אז זיי וועלן איינער דעם צווייטן אריבערנעמען. און אזוי איז טאַקע געווען; ווו איינער האָט זיך געמאַכט א נעסט, האָט ער שוין אהין אריבערגעבראַכט זיין משפחה. אויך פון אונדזער משפחה איז מיין פאָטערס ברודער, שלמה ראַבי־נאָוויטש, אוועק קיין דרום־אפריקע און נאָכער געבראַכט אהין זיינע פיר ברידער. קורץ פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה, האָבן די פעטערס אריבערגענומען מיין עלטערע שוועסטער וויטע-רחל.

די צייט שטייט ניט אויף איין אָרט; דעלאַטיטש האָט אויך אויפ-געוואַכט: עס זיינען געקומען מאָדערנע לערער און די קינדער האָבן אָנגעהויבן לערנען יידיש, רוסיש, חשבון און געשיכטע. די עלטערע קינדער האָט מען אוועקגעשיקט אין די ווייטע לענדער און זיי האָבן צוגעשיקט הילף, א דאַנק וועלכער דער מאַטעריעלער מצב האָט זיך פאַר־בעסערט. די דעלאַטיטשער יידן האָבן געפּראַוועט חתונות, ברית'ן, פדיון-הבנ'ס, געלעבט מיט דער האָפענונג צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און זיך פאַראייניקן מיט די קינדער אין די ווייטע לענדער.

קיין ישיבה איז אין דעלאַטיטש ניט געווען, ווער ס'האָט געוואָלט לערנען אין א ישיבה איז געפאָרן קיין נאָוואַרעדאָק, אין רבי יוזלס ישיבה — די מוסרניקעס. די ישיבה־בחורים פלעגן קומען אהיים אויף

יעדן יום־טוב און מען פלעגט זיי אויפנעמען מיטן גרעסטן כבוד. רבי יוזל איז אפט געקומען אין די דעלאטיטשער וועלדער, ווו ער האט געהאט א הויז. ער איז דארט געזעסן און געלערנט תורה. עסן פלעגט א ישיבה־בחור אריינגעבן אים דורך א פענצטער, כדי ניט גורם זיין צו ביטול לימוד התורה.

די דערוואקסונג אינעם יידישן לעבן, האט אויך דערגרייכט צו רבי יוזלס ישיבה; די בחורים האבן אנגעהויבן צו לייענען ביכער און צייטונגען, זיך אינטערעסירן מיט די סאציאלע און נאציאנאלע געשעענישן אין יידישן און אלגעמיינעם לעבן, און אלץ מער זיך דערווייטערט פון דער ישיבה, מיט אירע הארב־שטרענגע געזעצן. א טייל איז געווארן אנטי־רעליגיעז און אפילו שטארק מיליטאנטיש. אבער די, וועלכע זיינען פארבליבן אין דער ישיבה, האבן מיט דער צייט איבערגעשטיגן מיט זייער פאנאטיזם, אפילו רבי יוזלען אליין.

## די ערשטע וועלט־מלחמה

די ערשטע צייט האט דעלאטיטש כמעט ווי ניט געפילט, אז ס'קומט פאר א שרעקלעכע מלחמה, נאר וואס א טייל מענער זיינען מאביליזירט געווארן אין דער צארישער ארמיי. פון 1914 ביז 1915, האט די באפעלקערונג אין שטעטל געלעבט איר נארמאלן לעבן, אן קיין שום באזונדערע אויפטרייסלונגען. איך געדענק אויך, אז אין בית-המדרש איז פארגעקומען א גרויס מחלוקת צווישן צוויי צדדים: איין צד האט געהאלטן מיט די רוסן, און דער צווייטער מיטן דייטש. די קריגעריי איז אנגעגאנגען מיט אזא פארביסנקייט, ווי דאס וואלטן באמת געווען צוויי קעגנערישע צדדים — שונאים. נאענט צום סוף פון 1915־טן יאר, איז אין שטעטל געווארן א מהומה: די פיש אין ניעמאן זיינען געלעגן פארחלשטע מיט די בייכלעך ארויף. מ'האט ארויסגעבראכט הונדערטער סברות; דא האט מען געזאגט, אז די שונאים האבן זיי פארסמט און דא ווידער, אז ס'איז געקומען דער קץ פון דער וועלט און איידער משיח קומט וועלן אלע פיש אין די וואסערן איינשלאפן, אויסער דעם לויתן, וואס וועט בלייבן פאר דער גרויסער סעודה.

אין קורצן האָבן מיר זיך דערוווּסט דעם סוד: ס׳איז געקומען א באפעל פון דער רעגירונג, אז די ברויערייען זאָלן ארויסלאָזן דעם אלקאָ-האָל אין ניעמאַן. א פּאָר טעג איז אין שטעטל ניט געווען קיין מאנגל אין פיש, מ׳האָט נאָר געדארפט צוגיין צום ניעמאן און זיי ארויסנעמען מיט די הענט.

מ׳האָט נאָך ניט כאוויזן צו פארדייען די פיש, ווי ס׳האָבן גענומען מארשירן סאָלדאטן. גאנצע דריי טעג און נעכט האָט מען אָן אויפהער געהערט די שווערע טריט פון די סאָלדאטן, וועלכע זיינען אריבער אויפן צווייטן זייט פונעם ניעמאן. די עטלעכע שעה, וואָס מען האָט זיי געגעבן זיך אָפּצורוען אין די הייזער, זיינען זיי טויט־מידע אנידערגעפאלן ווו ס׳האָט זיך געלאָזט, אבי נאָר צו האָבן אביסל רו. זיי האָבן ניט געהאט קיין צייט צו ראבירן און צו טאָן שלעכטס דער באפעלקערונג. די לעצטע סאָלדאטן האָבן פארן פארלאָזן דאָס שטעטל באפוילן, אז אויך אלע ציווילע מוזן אריבערגיין אויפן צווייטן זייט פון טייך. מיר האָבן זיך באראטן, וואָס צו טאָן, אָבער קיין צופיל צייט איז ניט געווען. מיר האָבן מורא געהאט, אז מען וועט אוועקנעמען די בריק, וועלן מיר בלייבן אין די הענט פונעם שונא, און ווער ווייסט, וואָס ער וועט מיט אונדז טאָן. ס׳איז געוואָרן א בהלה: מ׳האָט אויף גיך צוזאמענגענומען שפייז צום עסן און ווארעמע קליידער, ס׳איז פונקט געווען סוכות־צייט, ווען די נעכט ווערן לענגער און קעלטער, און קיינער האָט ניט געקענט וויסן, ווי לאנג מ׳וועט דארפן זיין אונטערן פרייען הימל.

אין שטעטל זיינען אריין די דייטשן. די רוסישע ארמיי איז געשטאנען פון צווייטן זייט ניעמאן, און מיר האָבן זיך געפונען אין מיטן, צווישן ביידע קעמפנדיקע מחנות. איבער אונדזערע קעפּ זיינען געפלויגן די סנאריאדן, מ׳האָט געזען נאָר פייער און געהערט געשרייען פון פאר-ווונדעטע. פארשטייט זיך, אז מיר זיינען געלאָפן אַן אָפּשטעל, ווי געיאָגטע חיות. מיר זיינען אָפּט געפאלן, זיך אויפגעהייבן און ווייטער געלאָפן, אבי ארויס מיטן לעבן. ווען ס׳איז שטיל געוואָרן און דער פייער האָט אויפגעהערט, נאָך דריי טעג פון שווערע קאמפן, האָבן מיר זיך אומגעקערט אין שטעטל, וואָס איז געבליבן ביי די דייטשן אין די הענט.

קומענדיק אין שטעטל, האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז זעליק, דער שוסטער, איז ניט אנטלאָפן מיט אלעמען צוזאמען, נאָר האָט זיך באהאלטן אין בית־המדרש. ווען די דייטשן זיינען אריין, האָבן זיי אים אָנגענומען פאַר אַ שפּיאָן און געוואָלט דערשיסן אויפן מיטן מארק. אַ גרויסע דעלע־גאַציע פון די שטעטלשע יידן איז אוועק צום דייטשן קאָמענדאנט, און האָט אויסגעפּועלט זיין באפרייאונג.

אלע הייזער זיינען באזעצט געווען פון די דייטשן; אונדזער גרויס הויז האָט פארנומען דער קאָמענדאנט, אונדז האָט מען געגעבן נאָר איין צימער. צוויי טעג שפּעטער איז געקומען אַ באפעל, אַז אלע ציווילע מוזן אין קנאַפּע פיר שעה, ארויס אויף אַ פּאָר־טעג אין אַ דערבייאיקן דאָרף. האָבן מיר מיטגענומען עסנווארג אויף אַ פּאָר טעג, אלץ פארשלאָסן, איבערגעלאָזט דעם שליסל ביים קאָמענדאנט — אין זיכערע הענט — און אוועק אין אַ דאָרף, דריי מייל פון שטעטל.

זיינען דורך דריי טעג, אַ וואָך, און אומקערן זיך אהיים איז נאָך אלץ פארבאָטן. צו קויפן שפּייז האָט מען ניט געקראָגן, האָבן מיר אויס־געגראָבן קארטאָפל אויף די פעלדער און דערמיט זיך דערנערט. ווען זאָל עס געווען איינפאלן מיטצונעמען זאלץ, דאכט זיך אַ ביליקע זאך, אָבער וואָס פארא טעם האָבן קארטאָפל אָן זאלץ? דערצו נאָך איז געוואָרן אַ ״טרעוואָגע״ מיט די בייכער, אלע, אָן אויסנאם, האָבן געקרעכצט פון קראמפן און ס׳איז ניט געווען צו באקומען אַ מיטל קעגן דעם.

פון שלאָפן אין שמוץ און ענגשאפט אויפן שטרוי אין שייער, זיינען אונדז באפאלן לייז ווי מוראשקעס. ס׳איז פּשוט אוממעגלעך געוואָרן לענגער צו פארבלייבן אין דאָרף; אזוי־ווי דעלאַטיטש איז פאַר אונדז געוואָרן פארשפּארט, אָן צו וויסן ווען מיר וועלן קענען זיך אומקערן, איז קיין אנדער ברירה ניט געווען ווי גיין צופוס קיין נאָוואָרעדאָק, אַ מרחק פון קרוב צו 30 קילאָמעטער. מיין טאטע איז ניט געווען מיט אונדז, ער האָט זיך געפונען אין סוּוואַלקער געגנט, ווו ער האָט געארבעט אין אַ וואלד, און מיר האָבן פון אים גאָרניט געהערט. האָט מיין מאמע, מיט אירע קליינע קינדער, זיך געלאָזט אין וועג אריין. ס׳האָט געדויערט צוויי טעג, ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין שטאָט אריין.

אין נאָוואָרעדאָק איז ממש געווען א פאַרפּלייצונג פון פּליטים, פון לובטש, דעלאטיטש, שעליוב און אנדערע ארומיקע שטעטלעך און דערפער. די שטאָט האָט ניט געקענט אויפנעמען אזויפיל פּליטים, איז געשאַפן געוואָרן א קאָמיטעט, וואָס האָט צעשיקט די פּליטים אין אנדערע מקומות. מיט שוועריקייטן האָבן מיר געפועלט, אז מען זאָל אונדז דערלויבן צו בלייבן אין שטאָט. מיר זיינען דאָרט פארבליבן ביז סוף פון דער מלחמה, אין יאָר 1918.

אזוי גיך ווי די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, זיינען מיר געגאַנגען זען אונדזער שטעטעלע, צו באַשליסן וואָס צו טאָן. אז מיר זיינען אריין אין דעלאַטיטש, האָט עס אויסגעזען, ווי מיר וואָלטן אריינגעפאַלן אין אַן אנדער וועלט. דאָס גאנצע שטעטל איז געווען צעגראָבן און צעשניטן פון אָקאָפּעס. א טייל הייזער האָט מען צענומען פאַר די אָקאָפּעס און בונקערס. ס׳איז געווען ממש אַן אונטערערדישע שטאָט, וועלכע האָט זיך געצויגן לענג־אויס דעם ניעמאַן, פון לובטש ביז דעלאַטיטש און נאָך ווייטער. אז יאַנקל באַקשט האָט דאָס דערזען, האָט ער אויסגערופן: ״ווער ס׳האָט ניט געזען דעלאַטיטש, ווי זי זעט איצטער אויס, דער האָט ניט געזען די וועלט!״ מיר האָבן אויפן אָרט באַשלאָסן אומצוקערן זיך צו די אייגענע היימען, און אָנהויבן בויען דאָס לעבן פון דאָס ניי, ווי ס׳איז שוין א סך מאָל געווען אין אונדזער געשיכטע, נאָך יעדן חורבן און גירוש.

דאָס לעבן איז געוואָרן א סך אָנגענעמער. מיר האָבן שוין געהאַט עלעקטריש ליכט, סיי אין די הייזער און סיי אין גאַס, אָבער צו דעם אלעמען דאַרף מען דאָך עסן אויך. די פעלדער זיינען גאַנצע 3 יאָר ניט געוואָרן באַארבעט, און ס׳איז ניט געווען צו קויפן א ביסל שפּייז. איז קיין אנדער ברירה ניט געווען, ווי צו נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט און צו לאָזן זיך זוכן א נייעם אָרט, ווו מען וועט, לכל־הפּחות, האָבן א שטיקל ברויט צו דער זעט, ווייל קיין צו גרויסע אַספּיראַציעס האָבן מיר דעמאָלט ניט געהאַט.

מיינע זכרונות וועגן דעלאַטיטש האַקן זיך דאָ איבער. דאָס ווייטער־דיקע, וואָס איך האָב דורכגעלעבט, מיין וואַנדערן אינעם נאָך־מלחמהדיקן

כאָס, איבער שטעט און שטעטלעך, די אלע צרות און געפאַרן זיינען טאקע ניט צום פארגעסן, אָבער זיי געהערן זיך ניט אָן מער מיט דעלאטיטש.

כ׳וויל נאָך דערמאָנען דעם הייליקן אָנדענק פון מיין שוועסטער צביה, און ברודער אהרון, די ערשטע צוויי קרבנות פון מיין משפחה, אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט-מלחמה.

— — — — — — — — — — — — — — —

דורך אלע יאָרן פון מיין לעבן אין דער זאטער און רייכער דרום-אפריקע, האָב איך שטענדיק געדענקט מיין שטעטעלע, דערמאָנט איר מיט טרויער און מיט בענקשאפט, ווי ס׳קען בענקען א מענטש נאָך די שיינע יאָרן פון זיין יוגנט, וועלכע זיינען אוועק מיטן פלאם און רויך פון מלחמות.

## „אין יוצא ואין בא״...

יאָסקע יעדידאָוויטש איז געפאָרן אָנקוקן א כלה. ס׳איז פונקט געווען אין א הארבסט-טאָג, ווען ס׳האָט אין דרויסן געגאָסן א רעגן און די קעלט האָט זיך איינגעגעסן אין די ביינער.

דער טאטע האָט אָנגעזאָגט יאָסקען, אז אויב מען וועט אים פרעגן, וואָס הערט מען עפּעס נייעס, זאָל ער ענטפערן, אז אויפן גאס איז ״אין יוצא ואין בא״, דאָס הייסט, אז אין אזא וועטער זעט מען ניט קיין מענטש אין דרויסן, ממילא וויס מען ניט קיין נייעס.

יאָסקע האָט באשלאָסן צו טרייבן אביסל קאטאָוועס און אז מען האָט אים ביי דער כלה אין שטוב געפרעגט:

״נו, וואָס הערט מען עפּעס יונגערמאן?״ האָט יאָסקע לאנג ניט געטראכט און א זאָג געטאָן:

אין דרויסן איז איצטער צוויי ׳אין יוצא׳ת׳ און צוויי ׳אין בא׳ות׳.״.

פון שידוך איז טאקע גאָרניט געוואָרן און יאָסקע איז געבליבן אן אלטער בחור. ה. ק.

## א. סמפסון

(אליהו־משה בן ר׳ יהושע־יעקב שימשלביץ׳).

# לובץ׳ עד למלחמת־העולם הראשונה



לובץ׳, היתה עיירה יהודית טפוסית, בתחום שלטונה של האימפריה הרוסית. אחרי מלחמת-העולם הראשונה היא נכללה ברפובליקה הפולנית. מבחינה מוניציפלית השתייכה לפלך נובוגרודק — במחוז מינסק. לובץ׳ שוכנת על הגדה השמאלית של נהר הניימן, אשר מימיו זורמים לים הבלטי.

כמו עיירות אחרות ברוסיה באותם הימים, היתה גם לובץ׳ בנויה סביב ככר רחבה, ממנה יצאו רחובות לעבר הכפרים הסמוכים; כל רחוב נקרא על שם הכפר, אליו הוביל הרחוב.

רוב תושבי העיירה היו יהודים, רק כעשרה אחוז מתושבי העיירה היו נוצרים אורטודוקסים, אשר התגוררו בקצה הרחובות, כאילו לא היו מכלל הישוב. כאשר האזור עבר לשלטון פולני, הם הזרימו לאזור זה מספר נכר של מתישבים פולנים, קתולים ממערב פולין, כדי לתת למקום צביון פולני.

בככר התרכזו החנויות והמחסנים, המקום שמש כמרכז העסקים. פעם בשבוע נערך כאן השוק, בו הביאו אכרי הסביבה את תוצרתם למכירה ולחליפין.

בתי העיירה גבנו מעץ, חלק מגגות הבתים (ברובם של הגויים) היו מכוסים קש והוו סכנה תמידית לשרפות. כל ביח הכיל חדר מגורים גדול, שנים או שלושה חדרי שינה ומטבח, בו עמד תנור גדול לאפיה ולבשול. תנור יותר קטן ודקורטיבי, היה בנוי באמצע הבית כדי לחמם את הבית

בחודשי החורף הקרים. סוכה ומרתף כבד צינה, היו מן הדברים הנחוצים והעיקריים בכל בית. מאחורי הבית עמד מבנה אשר שמש כבית מלאכה או מקום להחזקת בעלי חיים: סוס, פרה, עז וכיוצא בהם.

אספקת חשמל או גז לא היתה בלובץ', למאור השתמשו בנרות או בעששית־נפט. לחימום השתמשו בעצי הסקה. במשך הכבוש הגרמני, ב־מלחמת־העולם הראשונה, הוקמה תחנת חשמל פרימיטיבית, אשר המשיכה לפעול לאחר שביתת הנשק ונסיגת הגרמנים מהאזור. תחנת כח זו סיפקה זרם חשמל למאור, בדרך כלל משעות החשכה עד חצות.

מים היו בשפע מהבארות שהיו פזורות בכל חלקי העיירה. שאיבת המים מהבאר היתה עבודה לא קלה; קשה היה לשאת את הדליים בידים או על הכתפים, דבר שהיה מסוכן במיוחד בימי החורף, בזמן שהבאר היתה מכוסה בשכבת קרח.

מזג האויר היה בדרך כלל נעים, חם בקיץ, קר בחורף. האביב היה מענג — נשמע קול ציוץ הציפורים שחזרו מנדודיהם, לבלוב העצים וה־פרחים מלאו את האויר בריח משכר. באביב ובקיץ ירדו לעתים גשמים, אולם למרות הגשמים היה חמים ונעים.

הסתו הביא בחובו את הקור והממטרים העזים, אשר הפכו את רחובות העיירה לנחלי בוץ, שהמעבר בהם נעשה לבלתי אפשרי כמעט. נעשתה אמנם התחלה לרצף את הרחובות באבנים, אולם עד שנת 1939 טרם הוש־למה המלאכה.

בהר הנימן היה קפוא משך שלושה חודשים בשנה, ושמש לצעירים מקום מצוין לגלישה על הקרח. בחודש מרץ, עם הפשרת השלג, עבר הנהר על גדותיו ומימיו הציפו את האחו שלידו והגיעו עד הבתים. בקיץ היו מימיו קרירים ושקטים, הרחצה בנהר היתה מענגת; לשוט על הנהר בסירות משוטים קטנות, בערבים לאור הירח והכוכבים המנצנצים, היה רומנטי. ביום השישי בשבוע, נהרו לנהר מתרחצים מכל הגילים, לא רק כדי לשחות אלא, כדי להתרחץ ולהטהר לקראת שבת המלכה. הנשים — כיאה לבנות ישראל כשרות — התרחצו לחוד, במרחק נכר מהגברים. בגדי־ים לא היו ידועים בימים ההם.

בלובץ' לא היתה קיימת תעשיה, לכן ממילא לא היה מעמד פועלי. היו בעיירה מספר בעלי-מלאכה כגון: חיטים, סנדלרים, נגרים, אשר סיפקו את צרכי האוכלוסיה. המעולים מבין בעלי המקצוע הגרו לארצות־הברית או לאנגליה, שם הוכיחו כושרם, בהקימם תעשיה גדולה של בגדים מוכנים. המלבושים הפשוטים ביותר נעשו בבית, סריגת גרבים וכפפות הוו תעסוקה לנשים. רמת החיים היתה פרימיטיבית. מזון, טרי ובריא, היה מתוצרת הבית: לחם שחור ולבן אפו בבית, חלב, חמאה וגבינה אף הם מתוצרת הבית; כמעט בכל בית היתה פרה ברפת, תפוחי אדמה היו בשפע, והוחזקו במשך כל השנה במרתף כבד הצינה.

החנויות היו ברובן בככר השוק ונוהלו בעיקר ע"י הנשים. רוב הגברים עסקו במסחר זעיר. כיון שפשתן, זרעי פשתן ותבואה למינה היו התוצרת העיקרית של המחוז, פשטו הסוחרים על כפרי הסביבה וקנו מ־האכרים את תוצרתם. המסחר בפשתן וזרעי פשתן, ביחוד בחדשי הסתו והחורף, העסיק את רוב האוכלוסיה היהודית, אשר מצאה פרנסה בעיסוק זה. הרבה בתים שמשו כמקום מיון הפשתן לסוגיו; כל סוג נארז בצרורות אשר נשלחו לתחנת הרכבת הקרובה, ומשם הועברו למקומות שונים במדינה, וגם לארצות סמוכות.

נהר הניימן שמש כעורק תעבורה בחדשי הסתו. בספינות וסירות משא העבירו תבואה וזרעים לגרמניה ולארצות אחרות. בנהר השתמשו גם למש-לוח עצים, שנכרתו מהיערות העבותים בהם היתה הסביבה עשירה. העברת העצים באמצעות הניימן היתה דרך התעבורה הזולה ביותר. המסחר בעצים היה מקצוע מכובד ואחדים מתושבי העיירה מצאו בו פרנסתם כסוחרי משנה או סוכנים. סוחרי העצים באו ממרכזים גדולים יותר.

לובץ' לא נחשבה לעיירה עשירה, לא היו בה אנשים עשירים ותושביה הסתפקו במועט. מסילת ברזל לא היתה בזמני, התעבורה בדרכים התנהלה באמצעות סוס ועגלה. קשה להאמין, אך בלובץ' היו אז אנשים אשר לא ראו בעיניהם קטר של רכבת, ולא שמעו שריקתו. הדרכים לא היו סלולות ובימי הקיץ השתמשו לנסיעה בעגלות. בימי החורף, שעה שהדרכים כוסו בשלג, השתמשו במזחלות. "בעל־העגלה" היה המקשר בין לובץ' והסביבה, הוא הסיע אנשים למרכזים הסמוכים — נובוגרודק ואיביה. הגרמנים, אשר

החזיקו בלובץ' במלחמת-העולם הראשונה, בנו מסילת ברזל צרה "קליינ-באן".

אף-על-פי שגלי המהפכה ורוח ההתקוממות נגד הצאר, התפשטו ברוסיה כולה, והשפעת ההשכלה נכרה בחיי היהודים בכל עיירות אירופה, ללובץ' טרם הגיע משב רוח ההשכלה. היהודים בה נהלו אורח חיים שמרני; יסודות הדת היו בלתי מעורערים ועמדו מעל לכל ספק. חיי החברה התנהלו סביב שלושת בתי-הכנסת: האדום, הלבן (לפי צבע הלבנים) ובית-הכנסת הבנוי מעץ, אשר נקרא ביידיש "דער הילצערנער בית-מדרש". בית-הכנסת האדום היה של האדוקים הקיצוניים, הלבן, עבור המעמד הזעיר-בורגני, ואת בית-המדרש מעץ פקדו הצעירים. בתי-הכנסת היו פתוחים לתפילות שחרית, מנחה ומעריב, ללמוד תלמוד אחרי התפילה ולוכוחים כלליים. בעלי היכולת היו כמובן "בעלי מקום" בבית-הכנסת. מחירו של המקום היה בהתאם למיקומו. "מקום" נחשב לדבר בעל ערך, הפך לרכושו הבלעדי של בעליו ועבר בירושה מאב לבן.

הרב היה המנהיג הרוחני של הקהלה ו"הסטרוסטה" (מוכתר) היה המנהיג האזרחי ונבחר בבחירות עממיות.

צרכי הקהלה מומנו על ידי מס שהוטל על מצרכים שונים כגון: נרות ושמרים, שזכות המכירה נמסרה כזכיון עבור תשלום, ולמוכר היתה הזכות הבלעדית למכור מצרכים אלו.

בעיירה היו מספר אגודות לעזרה הדדית ביניהן "אגודת אחים" — להפצת אחוה ורעות בין איש לרעהו. אבי היה יושב ראש האגודה. אני השתתפתי באגודת "בקור-חולים" שמרבית חבריה היו צעירים, אשר הת־נדבו לטפל בחולים. מוסד חשוב אחר היה ארגון "מכבי-אש" שכל חבריו היו מתנדבים; מאחר ושרפות בלובץ' ארעו לעתים קרובות, הרי ידיהם היו מלאות עבודה.

האוכלוסיה היהודית היתה מחולקת בעיקר לשני בתי-אב, שימשלביץ' וקיבלביץ', שהיו מסוכסכים ביניהם בכל מיני ענינים משותפים, אך בסופו של דבר נפתרו בעיותיהם באורח ידידותי.

בטחון, חוק וסדר היו מענינה של הממשלה. בידי נציגיה, השוטרים,

היה כח רב, והאוכלוסיה היתה נתונה לשפוטם, לחסד או לשבט, אולם אפשר היה לישב כל בעיה כמעט, באמצעות "מתת יד". למשל: מפקד המשטרה המקומית עבר "במקרה" ליד ביתנו, שעה שפועלים עסקו בתקון הבית, אשר נזוק בשרפה, ושלח שוטר להודיע לנו שיש להפסיק את העבודה. בתשובה, שלח אבי למפקד "מתנה", עגלה מלאה שחת, מובן שהעבודה לא נפסקה.

בלובץ' פעל כהלכה משרד דאר. מכתבים נשלחו ונתקבלו בו מדי יום ביומו. מכתב שנתקבל מקרוב משפחת בארץ רחוקה, נחשב למאורע גדול. מברק אפשר היה לשגר ולקבל בקלות. מפליא שאמצעי מדעי זה לתקשורת, הגיע לעיירה הקטנה והנדחת כבר באותם הימים.

תושבי לובץ' לא עמדו על דרגה תרבותית גבוהה. היו מספר תלמידי־חכמים בעיירה, אשר היו בקיאים בתלמוד ושנו פרקם יומם ולילה. היהודים היו דתיים, יראי שמים וקבלו אמונתם ללא סייג; ההליכה לבית-הכנסת הפכה להרגל ולדבר מובן מאליו. יום שבת או חג היה יום מנוחה ושמחה. דיני הכשרות נשמרו בקפידה. ענינים שעמדו ברומו של עולם, לא הטרידו את התושבים השקטים. רק שניים או שלושה אנשים קבלו עתונים מוילנה, וארשה או פטרבורג, והעבירו החדשות לאחרים, מובן שבהגזמה. מאורעות כגון: מות טולסטוי, רצח סטוליפין או משפט ביילים לא הוערכו כראוי בעיירה.

השפה המדוברת היתה יידיש, אם כי רבים ידעו מעט רוסית, אשר היתה נחוצה לשם נהול משא-ומתן מסחרי עם אכרי הסביבה, או כדי לבוא בדברים עם נציגי השלטון. עברית ידעו כמעט כולם, אבל לא השתמשו בה כשפה מדוברת; משכילי הדור הצעיר השתמשו בשפה העברית לכתיבת מכתבים חשובים או לכתיבת מסמכים.

חנוך הילדים התחיל ב"חדר". היו שלוש דרגות למוד: הראשונה למתחילים, ילדים וילדות יחד, למדו אותם אלף-בית והגיעו עד לקריאה בחומש; בדרגה השניה למדו תנ"ך ואת השפה העברית, השתתפו רק ילדים בגיל 8—12; הדרגה השלישית היתה "הישיבה", מוסד לחנוך תורני, בו המשיכו למוד התנ"ך והתלמוד. בלובץ' עצמה לא היתה "ישיבה",

ומי שרצה להמשיך בלמודים תורניים, צריך היה לנסוע ל"ישיבת מיר" או "וולוזשין", אשר לא היו רחוקות מלובץ'.

שיטת הלמודים לא היתה אחידה, "החדרים" נוהלו ע"י מלמדים, אשר ידעו ברובם את חומר הלמודים, אולם לא הוסמכו להוראה. כל אחד למד לפי שיטה משלו. למרות שלא היה קיים חוק למוד חובה, השתתפו כל הילדים בלמודים. מקצועות חילוניים לא נלמדו כלל ב"חדרים".

ילדי הגויים ביקרו בבית־הספר העממי הממלכתי, אולם לא היתה חובה ללמוד ומשום כך מעטים למדו ורבים היו אנלפבתים. ילדי היהודים, אשר השתוקקו לקבל חנוך חילוני רוסי, הצטרכו לקבל שעורים פרטיים. מעטים מבני גילי, היתה להם האפשרות ללמוד בבית־הספר בנובוגרודק, בו הקנו לתלמידים השכלה כללית טובה. זה היה בית־ספר ממלכתי טוב, מאורגן ומצויד כהלכה. התלמידים נתקבלו בו רק לאחר בחינות כניסה מיוחדות; המורים, כולם לא יהודים, היו מוסמכים ומסורים לתפקיד. הייתי אחד המאושרים שלמדו בבית-ספר זה.

בלובץ' לא היו בזמני בעלי מקצועות חופשיים; הרופא — רופא כללי, לא היה מילידי המקום. רופאים צעירים באו למספר שנים, כדי לרכוש פרקטיקה רפואית. אחד הרופאים שאני זוכר עדין הוא ד"ר שפירא, אשר היה רופא מצויין. אף הוא עבר לוילנה, אחר שרכש נסיון בלובץ' והמשיך בפרקטיקה רפואית, עד שנרצח ע"י הנאצים, במלחמת־העולם השניה. הרוקח סייע לרופא. עורכי-דין לא היו בעיירה והעדרם לא הורגש. הסכסוכים נפתרו על ידי המשטרה המקומית בעזרת שוחד מתאים, כאמור.

הרעיון הציוני הגיע ללובץ' מאוחר. בבתי היהודים אפשר היה למצוא את תמונותיהם של משה מונטיפיורי, ברון הירש וקפטן דרייפוס, אבל לא נמצאה תמונה של ד"ר הרצל. כמו כן איש לא קרא את "מדינת היהודים" של הרצל, ואיש לא שמע על נורדוי. כתבי ביאליק ואחד־העם לא היו ידועים.

זכור לי ביקור עם אבי בבית־הכנסת, בערב יום כפור. על השלחן עמדו קערות צדקה, על כל קערה היה פתק ועליו רשומה המטרה לה נועדה התרומה. על אחת הקערות היה פתק ועליו רשום "לקנית קרקע

אויפן לייטער און א פרעג געטאָן ביי מיין פרוי, צי עס זיינען דאָ ניט באהאלטן קיין יידן, וועלכע מען דארף אויף ארבעט. מיין פרוי האָט אים געענטפערט, אז איך בין אוועק אויפן מארק און קיינער איז ניט באהאלטן, און אויב ער וויל, קען ער זוכן. ווייזט אויס, אז דער זיכערער ענטפער, האָט אים איבערצייגט און ער איז אוועק. פון אונדז איז ער אריין צום בלעכער אין שטוב און האָט ארויסגעפירט לייזער שיצגאל. אויף אזא אופן האָבן זיי צוגענומען 51 מענטשן, — די יינגסטע און געזונטסטע מענער, און מען האָט זיי אוועקגעפירט אויסערן שטעטל. ס׳איז אריבער א טאָג, צוויי און דריי טעג, מיר הערן גאָרניט און וויסן גאָרניט, וואָס מיט זיי איז געשען און ווו זיי געפינען זיך. מען פרובירט טרעפן: איינער זאָגט, אז זיי ארבעטן ערגעץ-ווו ניט ווייט פון שטעטל, און א צווייטער זאָגט, אז מען האָט זיי אוועקגעפירט קיין דייטשלאנד. ערשט א פּאָר וואָכן שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז מען האָט זיי אוועקגעפירט קיין נאָוואָגרודעק הינטער די קאָשארן און אלעמען צעשאָסן.

זיינען דורך פיר טעג, אין פחד און מורא ארויסצוגיין פון שטוב, און ווידער האָבן זיי גענומען דריי יידן צו דער ארבעט ביי דער באַן־ליניע און זיי דאָרט דערשאָסן. די דריי קרבנות זיינען געווען: קושע סאָלץ, שמחה חיימאָוויטש און אהרון (ארע) בערעזינסקי.

נאָכדעם איז געקומען די גזירה פון אריינגיין אין געטאָ. דעם גאנצן יידישן יישוב האָט מען אריינגעזעצט אין 27—30 הייזער, פון ליאָוועלעוויטנס הויז ביזן הויז פון יהושע־יאנקל, דעם שניידער, מיטן שולהויף צוזאמען. אין יעדן הויז האָט מען אריינגעזעצט צו דריי־פיר פאמיליעס, אז ס׳איז ניט געווען מעגלעך זיך א ריר צו טאָן פון ענגשאפט.

יעדע פּאָר טעג פלעגן קומען די דייטשן, צוזאמען מיט די פּאָליציי, ארויסנעמען א 40—50 מענטשן, כלומרשט אויף ״ארבעט״, און זיי פלעגן פארשווינדן אָן צו וויסן וואוהין. מיר פלעגן גיין אין שול, זאָגן תהלים, פאסטן תעניתים, אָבער ס׳האָט גאָרניט געהאָלפן.

בערך א זעקס חדשים נאָכן אריינגיין פון די דייטשן, ליידער געדענק איך ניט די גענויע דאטע, האָט מען אָפּגעקליבן זעקס הונדערט מענטשן און ווי שאָף אריינגעטריבן אין אן ארבעטס־לאגער אויף דער סטאנציע

דוואַרעץ, ניט ווייט פון נאַוואַיעלניע. ס׳איז פונקט געווען צו דער ערשטער ליכטל פון חנוכה, תש״ב.

איך האָב איבערגענעכטיקט איין נאכט אין לאגער און אויפן צווייטן טאָג בין איך אנטלאָפן. מען האָט מיך אָבער געכאַפּט און דער קאָמענדאַנט האָט מיך גוט צעהרגעט און געוואָרנט, אז אויב כ׳וועל ווידער אנטלויפן, וועט מען מיך דערשיסן אויפן אָרט. ס׳איז מיר אָבער ניט געווען קיין אונטערשייד צי בלייבן אין לאגער און אומקומען, אָדער געכאַפּט ווערן און אומקומען א פּאָר חדשים פריער. בין איך טאַקע אנטלאָפן א צווייט מאָל און מען האָט מיך ניט געכאַפּט. כ׳בין אָן אָפּשטעל געלאָפן ביז נאַוואַיעלניע — א מרחק פון זעקס קילאָמעטער, וואָס האָט ביי מיר געדויערט ניט מער ווי צוואַנציק מינוט.

אין נאַוואַיעלניע האָב איך פונקט געטראָפן דעם לובטשער ״יודענ־ראט״, זיי זיינען געווען אין דוואַרעץ און געפאָרן צוריק קיין לובטש. דאָס זיינען געווען: גרשון קאַפּושטשעווסקי, שלום זימאַן, אלטער כעמעס (שמולעוויטש). כ׳האָב געבעטן, אז זיי זאָלן מיך ארויפנעמען אויפן וואָגן, אָבער זיי האָבן מורא געהאַט און געראטן צו גיין באזונדער, א זעקס־זיבן מעטער פון זיי. כ׳בין אויף אזא אופן אָנגעקומען ביזן נאַווארעדקער געטאָ, אָבער די געטאָ־פּאָליציי האָט מיך ניט אריינגעלאָזט און גע־סטראַשעט, אז זיי וועלן מעלדן דעם דייטשן קאָמענדאַנט. כ׳האָב זיך פארשטעקט אין א זייטיקן ווינקל און ביינאכט אריינגעקראָגן זיך אין געטאָ. כ׳האָב דאָרט אויפגעזוכט בערלען, מיין ברודער, זיך גוט אויס־געוויינט, געקראָגן ביי אים א שטיקל ברויט און כ׳בין צוריק ארויס פון געטאָ און זיך געלאָזט קיין לובטש. ס׳איז מיר געלונגען דורכצוגיין דעם וועג אומבאמערקט פון די דייטשן און גויים און בשלום אָנקומען אין לובטשער געטאָ, צו מיין פרוי און קינד.

צומאָרגנס, ווען דער ״יודענראט״ האָט זיך דערוווּסט, אז כ׳בין געקומען צוריק אין געטאָ, האָבן זיי באַשלאָסן, אז איך מוז זיך אומקערן קיין דוואַרעץ. כ׳האָב זיי דערקלערט, אז כ׳וועל צוריק ניט גיין און זיי קענען טאָן מיט מיר, וואָס זיי ווילן. זיי האָבן אויפגעקלערט, אז כ׳בין אַן איבעריקער מענטש, ניט פארשריבן אין די פּאַפּירן און כ׳מוז גיין צוריק.

ס׳האָט זיי גאָרניט געהאָלפן און איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו פאָלגן זייער עצה. זיי האָבן אויך געסטראַשעט, אז כ׳וועל ניט קריגן קיין צוטיילונג פון ברויט, האָב איך זיך אָנגענומען מיט חוצפּה — כ׳האָב דען געהאַט אן אנדער ברירה? — און געזאָגט, אז זיי וועלן מיך יאָ צוטיילן ברויט, אויב זיי ווילן ניט קיין צרות. הקיצור, גאַנצע צוויי וואָכן האָבן זיי מיט מיר געקעמפט און צום סוף נאָכגעגעבן. איך באַשולדיק זיי ניט, חלילה, כ׳האָב גאַנץ גוט געוווּסט, וואָס זיי האָט געקומט, ווען די דייטשן וואָלטן זיך דערוווּסט וועגן דעם.

דעם פופצנטן מערץ, 1942, האָבן די דייטשן באַפוילן, אז די יידן טאָרן ניט האַלטן ביי זיך קיין קי און ציגן און מוזן דאָס ברענגען אויפן מאַרק און אוועקגעבן די גויים. זיינען מיר שוין געבליבן אָן קיין שום זאַך, הונגעריק, אָפּגעריסן און דערשלאָגן, לעבעדיקע מתים, וועלכע האָבן שוין גאָרניט, וואָס צו פאַרלירן אינעם לעבן.

דעם ערשטן אפּריל, 1942, האָט דער ״יודענראַט״ באַקומען א באַפעל, אז ער זאָל צושטעלן קיין נאָווארעדאָק 125 ארבעטער. מען האָט מיך אויך אריינגענומען אין דער גרופּע און מיטן קליינבאַן אוועקגעשיקט אין נאָווארעדקער געטאָ אויף פּערעסיקע. מיר האָבן געבעטן דעם געביטס־קאָמיסאַר, אז ער זאָל דערלויבן ברענגען אונדזערע פרויען און קינדער; ער האָט אונדז די דערלויבעניש געגעבן און מיט פיר טעג שפּעטער זיינען זיי שוין געווען מיט אונדז צוזאַמען. מיר האָבן געאַרבעט ביי זייער שווערע ארבעטן און באַקומען צוגעטיילט פיר הונדערט גראַם ברויט א טאָג. דערווייל איז צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה, אז פון לובטשער געטאָ האָט מען אוועקגעשיקט 500 מענטשן צו שטשערבען אין הייפל, ביי וואָראָביעוויטש, ווו זיי זיינען שפּעטער בעסטיאַליש דערמאָרדעט געוואָרן. אין לובטשער געטאָ זיינען געבליבן ביי 150 מענטשן, אַלטע לייט, קראַנקע און ניט פייאיקע צו ארבעט.

24 טעג אין חודש אָב, תש״ב, האָבן די דייטשן דורכגעפירט א מאַסן שחיטה. עס זיינען אין דעם טאָג אומגעקומען טויזנטער יידן, מענער, פרויען און קינדער פון לובטש, דעלאַטיטש, ניישטאָט (ניעגניעוויטש), קאָרעליטש, איוועניעץ, זשעטל, דערעווונע, זשאָלודאָק, נאָוואָיעלניע און

נאָווארעדאָק. די מענטשן זיינען ארומגעלאָפן צעטומלטע און געזוכט א באהעלטעניש. אנדערע האָבן פאַרגעלייגט די מערדער געלט און גאָלד, האָט מען דאָס צוגענומען און די מענטשן אוועקגעטריבן צו דער שחיטה. מיין פרוי האָט זיך אָנגערופן, אז אויב מען וועט צונעמען דאָס קינד וועט זי גיין צוזאַמען מיטן קינד. כ׳האָב איר מיטגענומען מיט זיך צו די קאַשארן, אָבער דאָרט האָט מען אונדז צעטיילט; מער האָב איך מיין פרוי און קינד ניט געזען. כ׳האָב נאָכדעם, קומענדיק צוריק אין געטאָ, געפונען זייערע זאכן, דער לעצטער זכר פון מיין בלוט און פלייש.

אין די קאַשארן האָב איך אויך געטראָפן מיינע צוויי ברידער, בערל און יאָסקע. מען האָט אַלעמען אויסגעשטעלט אין צוויי רייען, ארומגערינגלט מיט באוואָפנטע דייטשן און עסטאָנצעס מיט מאשינגעווער. אן עס־עס אָפיציר איז געשטאַנען מיט א רשימה אין האַנט, האָט אויסגערופן די נעמען פון די מענטשן און אָנגעוויזן מיטן האַנט די ריכטונג, רעכטס און לינקס. מיר האָבן ניט געוווּסט, וועלכע ריכטונג ס׳איז צום לעבן און וועלכע צום טויט. ווען מען האָט אויסגערופן יאַנקעלעוויטש, אונדזער פאַמיליע נאָמען, האָבן מיר אלע דריי זיך א לאָז געטאָן אויף רעכטס. א דייטש האָט א כאַפּ געטאָן יאָסקען און גענומען שלעפן אויף לינקס; יאָסקע האָט זיך ניט געלאָזט, האָט אים דער דייטש דערשאָסן אויפן אָרט פאר אונדזערע אויגן. אויף אזא אופן האָט מען דערשאָסן פופצן מענטשן, צווישן זיי אויך עטלעכע לובטשער בחורים.

פון די איבער טויזנט ייִדן, וועלכע זיינען געווען אין די קאַשארן, האָט מען אָפּגעקליבן 275, אלע אנדערע האָט מען אויפן צווייטן טאָג דערשאָסן נאָענט פונעם דאָרף ליטאָווקע. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר געפונען צעטעלעך מיט אויפשריפטן: ״ברידער און שוועסטער, אויב איר וועט בלייבן לעבן, נעמט נקמה פאר אונדז!״. דריי טעג האָט מען אונדז געהאַלטן אָן עסן און אָן וואסער אין א פערד שטאַל, ביי די קאַשארן. שבת־צו־נאַכט, אזייגער אכט אָוונט, האָט מען אויפגעעפנט דעם טויער און ס׳זיינען אריין דריי דייטשן מיט א געשריי ״הייל היטלער!״. מיר האָבן זיך אלע אויפגעהייבן פון די ערטער און געבליבן שטיין מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ. זיי האָבן אונדז באפוילן ארויסגיין פון שטאַל, זיך



מצבה על קבר הקדושים בליטובקה ע״י נובוגרודק.

אויסשטעלן צו פיר אין א ריי און זיך נעמען אונטער די הענט. יעדער פירלינג איז באגלייט געוואָרן פון צוויי דייטשן מיט א מאשינגעווער. נאכער האָט מען באפוילן צו מארשירן איבער דער קארעליטשער גאס, צום בנין פון געוועזענעם פוילישן געריכט. דאָרט האָט מען צונויפגעטריבן ארום 1500 יידן, די רעשטלעך פון אלע ארומיקע געטאָס. אלע האָבן ביטער געוויינט און באקלאָגט זייערע נאָענטסטע. איך האָב זיך ארומ־געדרייט א צעטומלטער און פארחושטער, ניט געקענט ריידן און ניט געקענט וויינען, ווייל מיין הארץ איז אינגאנצן פארשטיינערט געוואָרן. צומאָרגנס פרי האָב איך דערזען בערלען, וועלכער האָט אויך פארלוירן זיין ווייב און קינדער; מיר האָבן זיך ארומגענומען און די טרערן קוואלן האָבן זיך אויפגעעפנט.

ס׳זיינען אריינגעקומען דייטשן און האָבן אלעמען ארויסגעטריבן אין דרויסן. נאכער האָבן זיי אָפּגעקליבן 150 מענטשן, ארויפגעזעצט אויף לאסט־אויטאָס און אָפּגעשיקט אויף ארבעט קיין סמאָלענסק. א פּאָר שעה שפּעטער האָט מען אָפּגעקליבן א גרופּע פון פופצן מענטשן, צווישן וועלכע איך בין אויך געווען, און מען האָט אונדז געבראכט צוריק אין שטאָט אויף סלאָנימער גאס. דאָרט האָבן מיר ארויפגעלייגט אויף א לאסט־אויטאָ צען פעסלעך כלאָר און מיט דעם אוועקגעפאָרן קיין ליטאָווקע. מען האָט אונדז צוגעפירט צו א גרויסער, טיפער גרוב, פול מיט דערהרגעטע יידן, באפוילן ארייננצושיטן דעם כלאָר און נאָכדעם פארשיטן די גרוב מיט זאמד. אז מיר האָבן פארענדיקט צו פארשיטן די גרוב, האָט מען אונדז, די פופצן מענטשן, געבראכט אין פּוסטן געטאָ. אריינ־קומענדיק אין א שטוב, האָבן מיר דערהערט מענטשלעכע שטימען פון אונטער דער פּאָדלאָגע. מיר האָבן געפרעגט ווער ס׳רעדט דאָרט, איז גלייך געוואָרן שטיל. האָבן מיר זיי בארואיקט, אז זיי דארפן ניט מורא האָבן פאר אונדז, ווייל מיר זיינען אויך יידן פון געטאָ. ערשט דעמאָלט זיינען ארויסגעקראָכן פון דער באהעלטעניש איבער דרייסיק מענטשן, שמוציקע, אויסגעשמירטע, ניט צום דערקענען. צווישן דער גרופּע זיינען אויך געווען מיין שוועסטערס צוויי קינדער, אין עלטער פון פינף און זיבן יאָר, ווי אויך שלום לייבאָוויטשעס טעכטער, שפרה און סאָניע. ס׳זיינען אויך געווען עטלעכע לובטשער און קארעליטשער יידן. צוויי מענטשן

האָבן מיר ארויסגענומען שוין טויטע. אויף אזא אופן האָבן זיך אין געטאָ אָנגעזאמלט א ביסל מענטשן און מען האָט אונדז צוריק גענומען טרייבן צו דער ארבעט. איין טאָג זיינען מיר, א גרופּע פון צוועלף מענטשן, אין דעם אויך צוויי פרויען, ניט ארויס צו דער ארבעט. אין די מיטאָג־שעה׳ן זיינען געקומען צוויי דייטשן און געפרעגט, פארוואָס מיר זיינען ניט געקומען צו דער ארבעט. איך האָב געענטפערט, אז מיר זיינען קראנק און קענען ניט ארבעטן. איין דייטש האָט גענומען שרייען, אז ער וועט אונדז באלד מאכן געזונט. ער האָט באפוילן זיך אויסציען אויף דער ערד און געשלאָגן מיט א שטעקן איבערן גאנצן קערפּער. דער צווייטער דייטש, האָט זיך צוגעקוקט צום ספּעקטאקל און געלאכט. מיר האָבן שרעקלעך געשריען פון די ווייטיקן, ביז מיר זיינען געבליבן ליגן פארחלשטע. צוויי וואָכן זיינען מיר נאָכדעם געלעגן און ניט געקענט באוועגן די גלידער.

כ׳האָב באשלאָסן צו אנטלויפן אין וואלד און זיך באראטן וועגן דעם מיט בערלען, מיט שלומען און זיינע דריי קינדער און מיט נאָך אייניקע יידן פון קארעליטש און דערעווונע. דעם טאָג, וואָס מיר האָבן באשלאָסן צו אנטלויפן פון געטאָ, בין איך ניט ארויס צו דער ארבעט, כ׳האָב במשך פון טאָג צוגעגרייט אונדזער אנטלויפן. אזוי־ווי די געטאָ איז געווען באוואכט פון פּאָליציאנטן, האָבן מיר אויסערן געטאָ געקויפט צוויי ליטער "סאמאָגאָן" און אזייגער ניין אָוונט, האָט א מיידל פון אונדזער גרופּע, מכבד געווען מיט דעם די פּאָליציאנטן. אין דער זעלבער צייט, ווען זיי האָבן געזויפט, זיינען מיר דורך אן עפענונג אין פּארקאַן, וואָס מיר האָבן געהאט צוגעגרייט במשך דעם טאָג, ארויס אויסערן געטאָ און אָנגעהויבן צו לויפן. גווים האָבן אונדז באמערקט און גענומען שרייען, אז די זשידעס אנטלויפן פון געטאָ. באלד האָט זיך געעפנט א שיסעריי, די קוילן האָבן געפייפט ארום אונדז, אָבער מיר זיינען ווי ס׳איז דערלאָפן צו א וועלדל און ארויס פונעם פייער. ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אז שלומס צוויי טעכטער, שפרה און שיינע־רחל, זיינען מיט אונדז ניט געווען. בין איך מיט סלאָנימסקין אוועק זיי זוכן. מיר האָבן זיי געפונען זיצןביים זייט פון וועג. וויינענדיקע, אז זיי ווילן צוריק אין געטאָ. כ׳האָב זיי בארואיקט, געזאָגט, אז ערגער ווי אין געטאָ קען שוין ניט זיין, און אפשר וועלן מיר האָבן מזל און זיך ראטעווען אין וואלד. כ׳האָב זיי גענומען ביי די

הענט, ווי צוויי קליינע קינדער, און געבראכט אין אונדזער צייטווייליקער באהעלטעניש.

מיר האָבן זיך אָפּגערוט און זיך געלאָזט גיין קיין דעלאַטיטש. מיר האָבן, ווייזט־אויס, פאַרבלאָנדזשעט און ארומגעדרייט זיך א גאנצע נאכט, ביז ס׳האָט געגומען טאָגן. מיר האָבן זיך געמוזט באהאלטן אין א וואלד, ווייל גיין בייטאָג אויף די וועגן איז פאר אונדז געווען א זיכערער טויט. פלוצלינג, האָט זיך אין וואלד געעפנט א שיסעריי; האָבן מיר זיך אוועקגעלייגט צווישן געדיכטע קוסטעס, אז מען זאָל אונדז ניט ארויסזען. דער טאָג, ס׳איז גראָד געווען שבת, האָט זיך געצויגן ווי א יאָר, אפילו ווען די שיסעריי האָט אויפגעהערט, האָבן מיר מורא געהאט זיך א ריר צו טאָן. ערשט, ווען ס׳איז צוגעפאלן די נאכט, זיינען מיר אוועק. מיר זיינען דערגאנגען צום ניעמאַן און אים אריבער אויף א לאָדקע, וואָס מיר האָבן געפונען ביים ברעג. אָפּגייענדיק א פּאָר הונדערט מעטער, שוין אויפן צווייטן ברעג פון טייך, האָט מען אויף אונדז גענומען שיסן. מיר זיינען ווידער געלאָפן, ביז מיר זיינען אריין טיף אין וואלד. זיך אָפּגערוט ביי א פערטל שעה, זיינען מיר אוועק צו קאָמאַראָווסקין אויפן כוטאָר. גראָד איז ארויסגעפאלן א פרישער שניי און מיר האָבן איבערגעלאָזט אויפן שניי סימנים פון אונדזערע טריט. דער פּויער האָט מורא געהאט אונדז צו האלטן ביי זיך און געראטן זיך אויסבאהאלטן אין וואלד, ווו מיר וועלן זיין זיכערער, ווי צווישן די פּויערים. ער האָט אונדז מיטגעגעבן ברויט, פּוטער, קעז און געבעטן קומען אין אָוונט, ווען ס׳וועט ווערן גוט פינצטער.

קומענדיק ווידער אין די שפּעטע אָוונט־שעהן האָט ער דערציילט, אז ביי אים זיינען היינט געווען די דייטשן מיט עטלעכע פּאָליציאַנטן און זיי האָבן געפאָרשט, צי עס זיינען ביי אים געווען יידן אָדער פּאַר־טיזאנער, ער האָט, פארשטייט זיך, געלייקנט און זיי זיינען אוועק. ער האָט אונדז נאָך אמאָל מיטגעגעבן שפּייז און געראטן גיין קיין קלוטשיסט, א דאָרף נעבן נאַליבאָק.

קיין סך ברירות האָבן מיר ניט געהאט, זיינען מיר אוועק אין דער ריכטונג, וואָס ער האָט אונדז אָנגעוויזן. מיר זיינען דערגאנגען ביז קראסנע־האָרקא און זיך דאָרט באהאלטן. דער פראָסט איז געווען שטארק,

קיין עסן האָבן מיר ניט און די פּויערים אויף די ארומיקע כוטאָרס קענען מיר ניט. זיצן מיר אזוי א טאָג, צוויי טעג, דאָס ביסל שפּייז האָבן מיר שוין אויפגעגעסן, דער הונגער דריקט און די קעלט ווערט ממש אומדערטרעגלעך. האָבן מיר באשלאָסן זיך אומקערן נעענטער צו לובטש, צו פאַרבאַטקען אויפן כוטאָר, א מרחק פון א צוואנציק קילאָמעטער, בערך.

געקומען אויפן כוטאָר און מיר קלאַפּן אָן אין טיר, פרעגט פאַרבאַטקע ווער ס׳קלאפּט? מיר ענטפערן, אז לובטשער יידן, האָט ער מורא געהאט צו עפענען. אָבער ווען ער האָט דערהערט, אז דאָס זיינען שלום לייבאָוויטש און ישראל־גרשון יאנקעלעוויטש האָט ער אויפגעעפנט די טיר. דערזעענדיק אונדזער מעמד, האָט דער ערלעכער פויער אָנגעהויבן צו וויינען. מיר האָבן אים דערציילט וועגן אונדזער מצב און געבעטן א ביסל שפּייז. ער האָט אונדז געגעבן אָן עמער צום קאָכן, ברויט, מעל, זאלץ און געהייסן גיין צום קארטאָפל־גרוב נעמען קארטאָפל וויפל מיר ווילן. באלאָדענע מיט שפּייז, מיט א זאק קארטאָפל, זיינען מיר געקומען צו אונדזערע מענטשן אין קראסנאָ־האָרקא. מיר זיינען דאָרט פאַרבליבן צוויי וואָכן צייט און דערנאָך אריבער נעענטער צום דאָרף פּאָטאשנע; מיר האָבן אויסגעגראָבן אָן ערד־שטיבל און געזעסן אין איר איבער זעקס חדשים, ביז מיר האָבן געטראָפן די פּארטיזאנער פון אָטריאד אויפן נאָמען פון סטאלינען. כ׳בין ארײַן אין אָטריאד אלס פּארטיזאנער, דורכגעמאכט א סך שלאכט־אקציעס קעגן די דייטשן, נעמענדיק נקמה פאַרן אומשולדיק פאַרגאָסענעם יידישן בלוט.

ווען די געגנט איז באפרייט געוואָרן אין חודש יוני, 1944, האָב איך זיך אומגעקערט קיין לובטש און אָנגעהויבן צו ארבעטן אין דער שטעטלשער מיליץ.

ס׳איז מיר נאָך באשערט געווען, צו פאַרזוכן דעם גוטן טעם פון זיצן דריי און א האלב יאָר אין א סאָוועטישער טורמע און נאכער דריי חדשים אין א פּוילישער טורמע, ביז כ׳האָב, נאָך אזויפיל ליידן, באוויזן צו דערגרייכן צום היימישן ברעג פון מדינת ישראל.

## וועלוועקע יאנסאָן

(וואָלאָדזקע דער פּולעמיאָטשיק)

# כ'האב נקמה גענומען פאר אונדזער בלוט



ס'איז א ווארימער אויגוסט טאָג, 1939 ; מען שפּאצירט, מען לאכט פריי־לעך און מען געניסט פון דער זון. פארנאכט קומט א ידיעה, אז די דייטשן גרייטן זיך אָנפאלן אויף פּוילן. ס'ווערט א גערודער. מען שושקעט זיך, מען לויפט איינקויפן שפּייז, און מען קויפט אלץ, וואָס עס לאָזט זיך. די עלטערע יידן זאָגן, אז דער דייטש וועט ניט זיין ערגער ווי דער פּאָליאַק. איינער זאָגט, אז אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז גאָרניט שלעכט געווען ביים דייטש. עטלעכע טעג שפּעטער הערן מיר שוין, אז די דייטשן שטעלן צו אן אולטימאַטום צו פּוילן. א ציטער כאפּט ארום פּוילן, מען מאָביליזירט די רעזערוון. אָט גייט אוועק איין יאָרגאנג, א צווייטער א.א.וו. ס'קומט אויך צו די „אָסאדניקעס".

איך גיי צוריק אהיים און עפּעס דריקט אויפן הארצן, ווי איינער וואָלט אָנגעזאָגט, אז א שרעקלעכער שטורעם רוקט זיך אויף אונדז. מיר הערן שוין, אז די פּאָליאקן שלאָגן זיך זייער העלדיש אין פאָרשטאָט פון דאנציג, נאָר צום באדויערן, נאָך א קורצער שלאכט זיגן די דייטשן. און אָט זעען מיר שוין פּוילישע סאָלדאטן לויפן צוריק פארוווּנדעטע. די דייטשן מארשירן פאָרויס, פארנעמענדיק שטאָט נאָך שטאָט, ביז זיי דערגייען צום טייך בוג און בלייבן דאָרט שטיין. די רוסן פארנעמען די מזרח־געביטן פון פּוילן, אין איינקלאנג מיטן היטלער־סטאלין הסכם פון 1939.

## די רויטע ארמיי פארנעמט ווייסרוסלאנד.

סעפטעמבער דעם 17־טן, 1939. מיר הערן ווי די רויטע ארמיי פארנעמט שטאָט נאָך שטאָט: סטויבץ, באראנאָוויטש, נאָוואָגרודעק. די לובטשער פּאָליציי אנטלויפט, פון דער פּאָסט־געביידע רייסט מען אראָפּ דעם פּוילישן אָדלער און מען פארבייט אים מיט א רויטער פאָן.

דעם 21־סטן סעפּטעמבער, ארום פיר אזייגער נאָכמיטאָג, עס קומט אָן די קליינבאן און ס׳פלאטערט שוין די רויטע פאָן, אָבער קיין מיליטער זעט מען ניט. ס׳איז פינצטער אין שטעטל. מיר זיינען אלע פארזאמלט אויף שלאָס־גאס, נעבן ליפּכינס סאָדע־געוועלב און מיר דערווארטן יעדע מינוט די רויטע ארמיי. ארום זעקס אזייגער ווערט פארשטומט דאָס שטעטל, כאָטש מיר זיינען אלע פארזאמלט אויף די גאסן, נאָר קיינער קען קיין וואָרט ניט ארויסריידן. עס הערט זיך דאָס גאלאָפּירן פון פערד, און דער ווינט ברענגט א וויטן געזאנג. יעדערער רופט אויס: ״די רויטע, די רויטע קומען!״. דאָס געזאנג ווערט, וואָס אמאָל שטארקער, הילכיקער און מיר דערזעען א קאָזאקן־אָפּטיילונג פון דער רויטער ארמיי, זינגענדיק דאָס בארימטע פארטיזאנער־ליד, ״פּא דאָלינו אי פּאָ ווזגאָריא״. ארום 400 קאָזאקן רייטן דורך און שטעלן זיך אָפּ נעבן מארק,ביים סוף פון שלאָס־גאס. דאָס גאנצע שטעטל פארזאמלט זיך ארום זיי; מענטשן פרעגן פראגעס און זיי זיינען זייער העפלעך. מען צעגייט זיך, די אָפּטיילונג פאָרט ווייטער אוועק און דאָס לעבן מיטן נייעם הערשער הייבט זיך אָן. דער גלח ווערט ארעסטירט און צוריק באפרייט. די בתי־מדרשים ווערן צוגעמאכט און שפּעטער הייבט מען אָן לייגן תבואה אין זיי. איך קום אריין צו מיין מומע לייקע מענדעלעוויטש, צו מיין פעטער ברוך־מרדכי יאנקעלעוויטש און מיר באדויערן די לאגע.

נאָך זייער א קורצער צייט פאָר איך אוועק ארבעטן אין נאָוואָגרודעק. מיין מוטער, מיינע שוועסטער, העניע און גרוניע, מיט איר מאן דוד פּערטשיק, זיינען פארבליבן אין לובטש.

## ווידער מלחמה.

אזוי פארלויפט די צייט ביזן 22־סטן יוני, 1941. אין די פרימאָרגן

שעה׳ן דערהערן מיר די שרעקלעכע ידיעה, אז דער דייטש האָט באָמ־בארדירט סאָוועטישע שטעט און ס׳ווערט געמאָלדן דורכן ראַדיאָ, אז דער דייטש איז פּלוצים אָנגעפאַלן אויף רוסלאַנד און דערקלערט מלחמה. אלע שטעט ווערן באָמבארדירט און צומאַרגנס ווערט אויך נאָוואָגרודעק צעקלאַפּט, כמעט א האלבע שטאָט ווערט פארניכטעט און ס׳פאלן זייער א סך קרבנות. דעם זעלבן טאָג קומט צו מיר א באַפעל זיך מאָביליזירן אין דער ארמיי. ס׳ווערן זייער פיל מאָביליזירט און מיר לאָזן זיך אין וועג אריין, טיפער אין רוסלאַנד.

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן טראָג איך א רוסישן מונדיר מיט א ביקס אין האנט און דאָ דערטראָגט זיך די נייעס, אז דער דייטש דערנעענטערט זיך אלץ מערער. ענדלעך קומען מיר ביז מאָגילעוו און דער אָפיצער זאָגט אונדז, אז ווי מיר וועלן נאָר דורכגיין די בריק, וועלן מיר זיך פאַרייניקן מיט דער רויטער ארמיי, און מיר וועלן דאָ שטעלן א שטאַרקן ווידערשטאַנד. אָבער צום באַדויערן, ווי נאָר מיר זיינען אריבער די בריק, זיינען, אזוי־ווי פון אונטער דער ערד, אויסגעוואַקסן די דייטשן און מען האָט אונדז זייער שטאַרק באַשאָסן פון אלע זייטן. מיר קריגן א באַפעל צו לויפן, ווו, ווער ס׳וויל, אבי צו ראַטעווען זיך, ווייל מיר זיינען ארומגערינגלט. איך לויף אריין צו א פּויער, בייט איבער די בגדים און לאָז זיך גיין צוריק אין דער ריכטונג פון נאָוואָגרודעק. נאָך עטלעכע טעג וואַנדערן, הונגעריק, דורשטיק, קום איך אָן קיין נאָוואָגרודעק, ווו ס׳האָט געוואַרט אויף מיר א געטאָ אין פּערעשינקע, ווו אלע יידן זיינען שוין געזעסן פאַרשפּאַרט. איך בין דאָרט געווען ביז צו דער ערשטער שחיטה. מען קלייבט אָפּ א טייל פון געטאָ און מען פירט זיי שיסן; איך געפין זיך אויך צווישן זיי. מיין געפיל שרייט צו מיר, "לויף" און איך לויף אונטער א האָגל פון קוילן. ס׳געלינגט מיר צו אנטלויפן און איך לויף אין דער ריכטונג פון לובטש.

אריינגעקומען אין לובטש, זיינען שוין אויך אלע געווען פאַרשפּאַרט אין געטאָ. מיין מוטער, שוועסטער און אנדערע קרובים, האָבן זיך געפונען אין הויז פון משה יאַנקעלעוויטש (מיישקע דער בירניק). נאָכן זיין דאָרט איבער א חודש, האָט מען מיך ארויסגעפירט מיט נאָך יוגנטלעכע צוריק

קיין נאוואגרודעק. בין איך שוין צום צווייטן מאל אין געטא. ס׳גייען פארביי חדשים און די גרויסע שחיטה קומט פאר; מען פירט אלעמען צו די קאשארן, ארום הונדערט יונגע מענטשן לאזט מען איבער, איך בין אויך צווישן זיי. מען פירט אונדז אפ אין בנין פון געריכט, ווו מיר האבן געארבעט זייער שווער פאר די דייטשן.

ביים סוף פון 1941, האט א פויער געבראכט מיר א בריוול פון מיין שוועסטער גרוניע. זי שרייבט מיר, אז זיי געפינען זיך אין וואראביעוויטש אין א שייער, ארום פינף הונדערט מענטשן, אויך פרויען און קינדער; צווישן זיי מיין מוטער, די שוועסטער גרוניע, איר מאן דוד און זייערע צוויי קליינע קינדער. מיין ייננערע שוועסטער העניע, האט מען ארויס־געפירט אין דווארעץ מיט אלע יוגנטלעכע, ווייל זי איז געווען ניט מער ווי פופצן יאר אלט. גרוניע שרייבט, אז די דייטשן זאגן, אז מען וועט זיי ארויספירן קיין באראנאוויטש אויף ארבעט. איך שיק צוריק א בריוול, מיט דעם זעלבן פויער. צום באדויערן, האט מיין בריוול זיי שוין ניט געטראפן. יענע נאכט האבן די דייטשן באגאסן מיט נאפט דעם שייער און אלע זיינען אומגעקומען. די מענטשן האבן געברענט און די קולות האבן געריסן די הימלען. אבער אלץ איז געווען פארמאכט און פארריגלט, ווי גאט אליין וואלט זיך אפגעקערט פון אונדז; ווער ס׳האט באוויזן צו ארויסלויפן, האט מען דערשאסן.

צומארגנס קומט צו מיר דער זעלבער פויער, און ברענגט מיר די ״גוטע בשורה״. ער האט געוויינט דערציילנדיק, אבער איך בין ווי פאר־שטיינט געווארן, ניט געקענט וויינען. נאכער האט מיר גענומען טרייסלען און ווארפן, איך האב ממש געשריען ווי א לייב... ליגנדיק ביינאכט אויפן הארטן באנק, צינדט זיך אין מיין הארצן אן א פייער, א פייער פון נקמה און איך שווער, אז מיינע הענט וועלן ניט רוען, ביז איך וועל נקמה נעמען פאר מיינע טייערסטע, ביי וועמען מען האט צוגערויבט דאס לעבן, אומשולדיקערהייט.

## איך אנטלויף.

ס׳גייען פארביי פיר טעג און איך באשליס צו אנטלויפן. דער בנין, ווו מיר זיינען געווען פארשפארט, איז געווען ארומגערינגלט דרייפאכיק:

דער ערשטער רינג איז באשטאנען פון עסטאַניער, דער צווייטער פון פּאָליאקן און דער דריטער פון דייטשן. די געביידע אליין איז געווען ארומגערינגלט מיט שטעכיקע דראָטן. איך מוז זיך פארטרויען צו איינעם. איך האָב געבעטן, אז ער זאָל טראָגן מיין נאָמען, נאָך מיין אנטלויפן, ווייל קוים פעלט א נאָמען, ווערן געשאָסן צען מענטשן. ער האָט זיך געבעטן ביי מיר דאָס ניט צו טאָן, ווייל ס׳איז א זיכערער טויט. קיינער איז נאָך פון דאָרט ניט אנטלאָפן. געווען זיינען מיר דריי, וואָס האָבן געוואָלט אנטלויפן. ממש אין דער לעצטער מינוט, האָבן מיר גענומען א פערטן, חנה ריבאקס א שוואָגער (דוד). צוויי נעכט שפּעטער האָבן מיר איבערגעשניטן די דראָטן אין א געוויסן פּונקט. צוגעגרייט אלץ און צומאָרגנס, איינס אזייגער פארטאָג, ווען דער לאגער איז געשלאָפן, זיינען מיר שטילערהייט צוגעגאנגען צום פּונקט. איך האָב זיי געזאָגט: ״גייט אדורך, און איך וועל אדורכגיין דער לעצטער״.

גלייכצייטיק האָט מען געמוזט זיך צופּאסן צו דער וואך, ווייל זיי זיינען געגאנגען איינער קעגן צווייטן און זיך אויסגעמיטן. אָט אין דער צייט האָט מען געמוזט שנעל דורכגיין. דאָס אויסמיידן זיך פון דער וואך פלעגט נעמען פון צוויי ביז דריי מינוט. איך לאָז זיי אלעמען דורכגיין און ס׳קומט מיין ריי. נאָר צום באדויערן, פארשטעפּע איך זיך אין די שטעכל־דראָטן. אין דעם זעלבן אויגנבליק דערזע איך דעם עסטאָנישן סאָלדאט דערנעענטערן זיך. איך גיב זיך א ריס מיט כוח, צערייס דעם רעקל און מיין פלייצע בלוטיקט. איך שטעל זיך אויף און טרעף זיך פנים אל פנים מיטן עסטאָניער. קיין אנדער אויסוועג איז ניטאָ, איידער ער קען באווייזן צו שיסן, אָדער שרייען, שטעל איך אים צו א מעסער. ער ווארפט פאר מורא זיין געווער; מיטן נאגאן, וואָס איך האָב ארויס־געשמוגלט פון געטאָ, גיב איך אים א זעץ אין קאָפּ און שלעפּ אים איבער דער ערד ביז צו אונדזער פּונקט, וואָס מיר האָבן פריער אָפּגערעדט, אין א קליין וועלדל, ארום 250 מעטער פונעם לאגער. דאָרט טרעפן מיר זיך אלע, מיר לאָזן איבער דעם עסטאָניער אָן באוווסטזיין און גייען שנעל אוועק, כדי צו דערגרייכן ביז טאָג צו א וואלד, מען זאָל קענען דעם גאנצן טאָג זיין באהאלטן. לויפנדיק, האָבן מיר שוין געהערט דעם אלארם און די שיסעריי נאָך אונדז, אָבער ס׳איז שוין געווען צו שפּעט...

## מיין נקמה אלס פארטיזאנער.

ס׳דויערט א טאָג מיט צוויי נעכט, ביז מיר דערגרייכן נאָענט צום שטעטל דוואָרעץ. איך וויל זייער זען מיין שוועסטער העניע, וועלכע זיצט אין דעם לאגער. מיר ליגן באהאלטן אין די פעלדער, אָבער מיר זעען ווי די קינדער ארבעטן זייער שווער. שפּעט ביינאכט גיט זיך מיר איין אריינצוגיין אין לאגער. איך פרעג זיך נאָך, ווו מיין שוועסטער איז און איך קום אריין. איר וויינען און ספּאזמירן איז אָן אויפהער. מען פרעגט מיר, ווי אזוי בין איך אריין אין לאגער, טאָמער כאַפּט מען מיר, וועט מען דאָך דעם גאנצן לאגער אויסשיסן. דעריבער באשליס איך אוועקצוגיין, טאקע די זעלבע נאכט. מיין שוועסטער בעט זיך ביי מיר, זי מיטצונעמען, אָבער כ׳ווייס אליין ניט וווהין איך גיי. איך זאָג צו, אז אין א וואָך ארום וועל איך זיכער קומען זי נעמען. ס׳איז שווער געוועז דאָס שיידן זיך, אָבער קיין אנדער ברירה איז ניט געוועזן.

געגאנגען א גאנצע נאכט. מיטן פרימאָרגן דערגרייכן מיר די פּאר־טיזאנער פון אָרליאנסקעס אָטריאדן אין די זשעטלער וועלדער. מען שטעלט אונדז אָפּ, זיי אונטערזוכן אונדז און פירן אריין אין ערד־שטיבל. ס׳פרעגן אונדז אויס יידישע פּארטיזאנער, אָבער נעמען אונדז צו זיך, ווילן זיי ניט, מען הייסט אונדז גיין ווייטער. אונדזער פראגע איז וווהין ? מיר שלעפּן זיך ווידער דורך די גרויסע וועלדער, ביז מיר דערגרייכן די ליפּיטשיאנסקער פּושטשע און קומען אָן אין דאָרף דוזשי־וואָליע, ביים טייך שטשארע, ניט ווייט פון סלאָנים. מיר קומען צו א גרופּע פּארטיזא־נער, זייער קאָמאנדיר הייסט וואנושקא (א קריסט). דערביי איז ווערט אונטערצושטרייכן, אז די יידישע פּארטיזאנער האָבן אונדז אָפּגעשיקט, אָבער דער קריסט האָט אונדז צוגענומען. נאָך א קורצער צייט פון איבונגען, ווערן מיר אָנגעשלאָסן אין ״בולאקס אָטריאד״, וואָס ציילט ארום 320 קעמפערס. איך באקום א ״פּולעמיאָט״ (קוילנווארפער), ס׳דערוועקן זיך אין מיר נייע כוחות און דער ווילן צו נעמען נקמה. מיר קעמפן מיט דעם בלוטיקן דייטש טאָג־טעגלעך.

אָט אטאקירן מיר די שטעטלעך, דערעטשין, זשעטל און ארומיקע דערפער, ווו ס׳האָבן זיך געפונען דייטשן. איך נעם נקמה און דאָס

דערפרייט מיין הארץ. וויסנדיק, אז די קומענדיקע קויל, וואָס וועט פליען אין אונדזער ריכטונג, קען זיין דער סוף פון מיין לעבן, בעט איך א דערלויבעניש ביים קאָמאנדיר, איך זאָל גיין ארויסנעמען מיין שוועסטער, העניע, פון דוואָרעץ. ער דערלויבט מיר און שיקט מיט נאָך פינף פארטיזאנער. מיר לאָזן זיך, רייטנדיק אויף פערד, אין דער ריכטונג פון דוואָרעץ, א מהלך פון 120—130 קילאָמעטער, אָבער צום אומגליק, שוין ניט ווייט פון שטעטל, זאָגט אונדז אָן א פויער, די ביטערע בשורה, אז מיט איין טאָג פריער, האָט מען דעם גאנצן לאגער פארניכטעט. איך ווער ווילד ווי א לייב, אין מיין דאַרשט נאָך נקמה אינעם דייטש.

אין אייניקע טעג ארום קומט אָן א ידיעה, אז אין דאָרף נאקרישאָק, וואָס איז אין הארץ פון פארטיזאנער געגנט, האָבן זיך דורך דער נאכט ארייגעריסן אוקראינער מיט דייטשן און פארנומען דעם דאָרף, איינגראָבנדיק זיך אין טיפע טראנשייען. ס׳קומט א באפעל פון שטאב, אז פארטאָג וועלן אלע פארטיזאנישע אָטריאדן אטאקירן דעם דאָרף; ניט קוקנדיק וויפיל קרבנות עס זאָל קאָסטן, מוז דער דאָרף גענומען ווערן צוריק. אונדזער כוח באשטייט פון דריי־טויזנט מאן, צוויי טאנקען און דריי הארמאטן; זייער כוח ציילט ארום 1200 מאן. מיר גרייטן זיך צו מיט שווערער באוואָפענונג. ארום זיבן אזייגער אָוונט מארשירן מיר ארויס צום טרעף־פונקט, דאָס איז א האלבער קילאָמעטער פון דאָרף, ביים ראנד פון וואלד. מיר דערגרייכן דעם פונקט פארטאָג, איין שעה פאר דער אטאקע, וועלכע דארף זיך אָנהויבן זעקס אזייגער.

מיר טרעפן זיך מיט פארטיזאנער, פון ארומיקע געגנטן; מען גיט א באפעל זיך אָפרוען, צוגרייטן דאָס געווער, זיין גרייט און ניט רירן זיך פון אָרט. ס׳איז א טויטע שטילקייט. דער הימל איז שטארק פארוואָלקנט און ס׳פאלט א דינער רעגנדל. מען זאָגט אונדז, אז דער ערשטער שאָס פון הארמאט, וועט זיין אן אָנזאָג און צייכן, אז די אטאקע האָט זיך אָנגעהויבן. די אָטריאדן צעשפרייטן זיך אין דריי טיילן, כדי דער דאָרף זאָל אטאקירט ווערן פון אלע זייטן. איך בין שטארק מיד און שלאָף איין אויפן גראָז. צום ערשטן מאָל, זינט מען האָט מיין מאמען דערהרגעט, קומט זי מיר צו חלום און זאָגט: ״מיין קינד, דו גייסט איצט אין א

ביטערע שלאכט מיט די דייטשן, איך וועל שטיין און בעטן גאָט פאַר דיר, האָב קיין מורא.״

מיט א מאָל דערהערט זיך א קנאַל, — די אַטאַקע הויבט זיך אָן. מיט א גרויסן, הילכיקן ״הורא״ געשריי, לויפן מיר אריבער א טייכל, וואָס איז ביי דער מיל פון דאָרף. די קוילן פון שונא פליען פון אלע זייטן, אָט פאלן חברים מיינע פון רעכטס און פון לינקס, מיר לויפן און שיסן. איך פאַרהאַלט זיך ביים ברונעם פון דאָרף, שטעל אויף מיין פולעמיאָט און שיס אָן אויפהער. פלוצים דערזע איך, ווי א דייטש צילעוועט אין מיר, ס׳נעמט אָן אויגנבליק און זיין קויל טרעפט אין מיין היטל, אויס־ברענענדיק מיינע האָר פון מיטן קאָפּ. כ׳פאַל אין חלשות אָבער קען הערן ווי די סאַניטאַרקע שרייט צו מיר, צי איך לעב; איך וויל ענטפערן, אָבער כ׳קען ניט ארויסברענגען קיין וואָרט און כ׳שטיק זיך...

דער דאָקטאָר לויפט צו. איך הער ווי ער זאָגט: ״א גליקלעכער מענטש, די קויל האָט נאָר אָנגערירט די הויט פון קאָפּ, ער וועט באלד אויפשטיין״. א צען מינוט שפּעטער כאַפּ איך זיך אויף; די סאַניטאַרקע זיצט איבער מיר און וויינט, זי האָט זיכער געטראַכט, אז כ׳בין טויט. אויפשטייענדיק לאָזן מיר זיך לויפן פאַרויס, אָניאָגנדיק אונדזערע פּאַרטי־זאַנער. די שלאכט גייט אָן מיטן פולן ברען; לויפנדיק אזוי דערמאָן איך זיך אינעם חלום און ממש אין דעם מאָמענט, דערזע איך דעם דייטש, וואָס האָט געשאָסן אויף מיר. איך לויף נעענטער צום אים, און ער שיסט אָן אויפהער אויף מיר; אָבער מיין אימפּעט און נקמה דאָרשט איז שטאַרקער און שנעלער פון אים; אָט בין איך כמעט אינגאַנצן ארויף אויף אים; איך שיס אריין אין אים א גאַנצע סעריע, וואָס באַשטייט פון 72 קוילן. איך נעם צו פון אים דעם ניקעלנעם פולעמיאָט, זיינע זאַכן און שטיוול. כ׳קום צוריק צו מיין גרופּע, אריינוואַרפנדיק זיך ווייטער אין קאַמף. א שעה שפּעטער, מיטן אָנקומען פון אָרלאַנסקעס אָטריאַדן, ווערט דער דאָרף פאַרנומען. ס׳ליגן איבער 600 טויטע און שווער פאַרוווּנדעטע. פון אונדזערע זיינען געפאַלן 80 חברים. מיר קומען צוריק צו די באַזעס, מען רופט מיך אין שטאַב און פאַר מיינע פאַרדינסטן, ווער איך באַשטימט אלס קאָמאַנדיר פון זעכציק פּאַרטיזאַנער.

## סוף 1942

מיר הערן, אז די דייטשע כוחות קאָנצענטרירן זיך ארום אונדזערע פּושטשעס, מען זאָגט, אז ס׳וועט זיין א גרויסע אָבלאווע. א וואָך צייט גייט פאַרביי, ביז מען זאָגט אָן פון שטאַב, אז ארום הונדערט טויזנט סאָלדאטן גייען אויסרייניקן די וועלדער. זיי רינגלען ארום אונדזער פּושטשע פון אלע זייטן. מיר שטייען אויף איין זייט פון דער שטשאַרע, די דייטשן אויפן צווייטן. ס׳בלייבט נאָר איין ריכטונג פריי, אין פאַל אויב מיר וועלן מוזן אָפּטרעטן. ס׳איז שוין סוף נאָוועמבער, 1942; זיי הויבן אָן זייערע ערשטע שיסערייען אויף אונדז מיט גרויסע הארמאטן און ס׳אַנטוויקלט זיך א קאַמף. אונדזער כוח באַשטייט פון ארום אכציק טויזנט פּאַרטיזאַנער, מיר האָבן אויך טאַנקען, הארמאטן, מינענוואַרפער, אָבער ניט צו פיל. מיר שלאָגן זיך שוין צוויי טעג און נעכט. איך ליג מיט מיין גרופּע, ביים ברעג טייך, אין אָקאָפּע. מיר קריגן א באַפעל ניט דורכלאָזן דעם דייטש פון אונדזער זייט. ס׳איז אויפן דריטן טאָג, זייער פרי. די דייטשן עפענען א גרויסן פייער, מיט מינענוואַרפער. אין מיין קליינער אָקאָפּע געפינען זיך פיר חברים. איך, א זשעטלער בחור, וואָס באַדינט מיט קוילן צום פּולעמיאָט, א רוסישער חבר, און די קראַנקן־שוועסטער, חיה׳לע, פון דערעטשין. אין דער שיסעריי, ווען איך בין שטאַרק פאַרנומען צו קאָנצענטרירן זיך אויפן שונא, שרייט דער רוס, אז ער איז פאַרוואונדעט; איך שריי צו חיה׳לען, אז זי זאָל אים העלפן. ס׳איז ניטאָ קיין ענטפער פון איר. ווען די שיסעריי ווערט אביסל שטילער, קום איך צו צו חיה׳לען, אָבער צום באַדויערן, ליגט זי שוין אָן באַוועגונג. ווייזט אויס, אז זי איז טויט געווען א לענגערע צייט. זיצנדיק אָנגעשפּאַרט ביי דער ערד־וואַנט, איז זי פאַרגליווערט געוואָרן. — זי איז קוים זיבעצן יאָר אלט געווען...

מיר שלאָגן זיך נאָך א טאָג מיט א נאַכט, ביז ענדלעך הויבן זיי אָן זייער גענעראַלנע אטאַקע. אין דער נאַכט פּרובירן די דייטשן זעקס מאָל אריבערגיין די שטשאַרע, אָבער מיר שטויסן זיי אָפּ צוריק מיט פיל פאַרלוסטן. מיר לאָזן זיי צושווימען ביזן האַלבן טייך, און מיר עפענען א פייער פון אלע כלים, וואָס מיר פאַרמאָגן. ארום דריי אזייגער פאַר־

טאָג, הויבן זיי אָן צו באשיסן די וועלדער פון אלע זייטן. ס׳איז ניטאָ קיין אָרט, ווו צו שטעלן א ווידערשטאנד. ס׳ברענט אלץ ארום אונדז. אָט הערן מיר, אז ד״ר אטלאס איז געפאלן מיט נאָך א סך קאָמאנדירן. ס׳קומט א באפעל, אז מען זאָל זיך צעלויפן, ווו־ווער ס׳קען, און דערנאָך זיך גרופּירן צוריק. די דייטשן דרינגען אריין אין די וועלדער. מיר טרעפן זיך צונויף מיט טויזנטער פּארטיזאנער, וועלכע לויפן פון אנדערע ריכטונגען. די ערד ברענט ממש ארום אונדז; ס׳ליגן הונדערטער טויטע פּארטיזאנער.

איך לויף מיט א קליינער גרופּע פון זעקס מענטשן אין טיפע בלאָ־טעס, אָבער מיר טרעפן דייטשן און ס׳פּארבינדט זיך א שיסעריי. ס׳געלינגט אונדז צו אנטלויפן און מיר קומען אָן צו די אָרלאנסקער אָטריאדן. אָבער ווען מיר דערגרייכן זיי, לויפן זיי אויך אוועק. ס׳איז פּשוט קיין אָרט ניטאָ פאר אונדז. זאָגט צו מיר איטשע לעווין פון באָוואָגרודעק: ״לאָמיר גיין צו די בעליצער ״סעמיינע״ גרופּעס.״ דאָס איז געווען א גרופּע יידן, וואָס האָט זיך אויסבאהאלטן אָן געווער, א מהלך פון 25 קילאָמעטער פון אונדז. נאַס, הונגעריק, שטארק פּארמאטערט, קומען מיר אָן צו זיי. דאָרטן איז שוין שטילער. אָבער איך ווער זייער קראנק אויף טיפוס, מיט זייער גרויסע היץ און מען איז זיכער, אז אָט שטארב איך שוין אוועק. גוטע באקאנטע גיבן אכטונג אויף מיר, זיי קאָרמענען מיך מיט געקאָכטע וואַסער און פּארטריקנטע שטיקלעך ברויט. ביז ס׳ווערט מיר בעסער. ס׳קומען אָן רוסישע פּארטיזאנער, זיי רינגלען אונדז ארום און זאָגן, אז מען וועט אונדז שיסן, ווייל מיר זיינען דעזערטירן. מיר בעטן זיך אָפּ ביי זיי און פארזיכערן, אז מיר גייען גלייך צו אונדזערע אָטריאדן.

מיר גייען אוועק, אָבער איך קען נאָך ניט גיין אויף מיינע פיס. ענדלעך, מיט גרויס מאטערניש, דערגרייכן מיר אָרלאנסקעס אָטריאדן. מיר שליסן זיך אָן צוריק אין די קעמפערישע רייען. די דייטשן געפינען זיך נאָך אויף די שאָסייען, אָבער מיט א קליינעם כוח. די גאנצע ארמיי איז שוין געווען אוועק. ס׳הויבט זיך אָן צוריק דער קאמף מיטן שונא אויפן פּארטיזאנישן שטייגער. אָבער איצט בושעוועט דער אנטיסעמיטיזם. ווו מען גייט זעט מען געהרגעטע יידן, מענער, פרויען און קינדער,

דאָס איז שוין די ארבעט פון די רוסישע פּארטיזאנער. אלס יידן קענען מיר דאָס ניט צוזען. ס׳פלאמט אויף א פייער אין אונדזערע הערצער. אין צווישן גייען מיר אטאקירן דאָס שטעטל זשעטל, ווו מיר שלאָגן זיך א גאנצן טאָג, אָבער מיר האָבן א דורכפאל, און מוזן אָפּטרעטן. אונדזערע צוויי הארמאטן בלייבן שטיין אין א בלאָטע. מען שיקט נאָך יידן זיי ארויסצושלעפּן, אונטער א האָגל פון קוילן. מיר פארלירן דערביי העלפט פון אונדזערע חברים. מיר קומען אָן, מיד און דערשלאָגן, אויף אונדזער באזע. מען שטעלט אוועק נאָך יידן, צו היטן די פּאָר טאנקען, וואָס מיר האָבן פארמאָגט.

ליגנדיק אזוי פארמאטערט, הערן מיר א גרויסן אויפרייס — די טאנקען מיט די יידישע בחורים ווערן אויפגעריסן דורך א פעלער. דאָס איז שוין געווען געננג פאר אונדז. מיר קלייבן זיך אָפּ א ספּעציעלע גרופּע, פון יידישע פּארטיזאנער, מיטן קאָמאנדיר סענקע בראש (א יידי־שער בחור פון מינסק). מיר ריידן זיך צונויף וועגן נעמען דאָס בעסטע געווער; מיר בעטן א דערלויבעניש ביים הויפּט־קאָמאנדיר, אז מיר ווילן פאָרן נאָך שפּייז, ער דערלויבט אונדז. מיר האָבן איצט דריי פארשיידענע גרופּעס. מיר פאָרן אלע ארויס אין פארשיידענע ריכטונגען, אָבער מיר ריידן זיך צונויף שטילערהייט, ווו צו טרעפן זיך. אויפן אנדערן טאָג, אין דער פרי, טרעפן מיר זיך אלע ארום די קאמינקער וועלדער.



מיר פארייניקן זיך אין איין כוח, מיט סענקען בראש און איך זיין אונטער־קאָמאנדיר. מיר זיינען ארום פופציק מענטשן, אלע גוט באוואָפנט. מיר טוען דאָס זעלבע צו די רוסישע פּארטיזאנער, וואָס זיי האָבן געטאָן צו אונדזערע יידן. מיר טויטן יעדן איינעם, וואָס וויל צוקומען צו אונדז. סענקע, אונדזער קאָמאנדיר, וואָס קען גאָר קיין יידיש ניט ריידן, זאָגט, אז זיין באָבע האָט אים אמאָל געזאָגט, ווען ער איז נאָך קליין געווען, אז אין דער יידישער תורה שטייט געשריבן, אז מען דארף נעמען אן אויג פאר אן אויג. אזוי גייען פארביי דריי חדשים. די גוישע פּארטיזאנער ריידן מיט שרעק, אז ס׳גייען ארום יידישע באנדיטן, וואָס טויטן זיי צוליב נקמה פאר זייערע מעשים. ס׳ווערט א געיעג נאָך אונדז. צוקומען

צו אונדז איז זייער שווער, ווייל מיר האלטן א צווייזייטיקע וואך און יעדע וואך איז צעטיילט אויף איין קילאָמעטער, אויך זיינען מיר קיינמאָל ניט געשטאַנען אויף איין אָרט. מיר זיינען צעטיילט אויף צוויי גרופּעס.

ס׳פּאסירט אָבער אן אומגליק. איין צייט זיינען מיר געווען אין צוויי הייזער, (כוטאָרעס) איך מיט סענקען און נאָך חברים אין איין הויז, און די אנדערע אין צווייטן הויז. נאָך א שווערער נאַכט זיינען מיר געווען מיד. ס׳האָט פּאסירט, אז ביי דער וואך איז איין חבר איינגעשלאָפן און שלאָפנדיק האָט מען אים דערשטיקט. די רוסישע פּארטיזאנער, וועלכע זוכן אונדז ארום, כאַפּן זיך אריין אין כוטאָר און טויטן די גאנצע גרופּע פון אכצן מענטשן. זיי וואָלטן זיכער געגעבן א ווידערשטאנד, אָבער צום באדויערן זיינען אלע געשלאָפן און זיי האָבן זיך קיינמאָל מער ניט אויפגעוועקט.

אין אונדזער כוטאָר שלאָפן אויך אלע, נאָר איך מיט סענקען זיצן ביים טיש און עסן, נאָך פיר חברים זיצן און שמועסן צווישן זיך. אין איין אויגנבליק כאַפּן זיך אריין אין אונדזער הויז, אן ערך זעכציק פּאר־טיזאנער, יעדער מיטן געווער אויסגעשטרעקט צו אונדז, מיט גראנאטן אין די הענט, ווייל זיי האָבן געוווסט, אז לעבעדיקערהייט קען מען אונדז ניט נעמען; סענקע גיט מיר א וואָרף מיין מאשינגעווער און ער כאַפּט זיינעם, ער באווייזט נאָך אויסצושרייען ״סטרעליי!״ אין דעם מאָמענט כאַפּט ער א קויל אין שטערן און פאלט אויף מיר. ס׳ברעכט אויס א געפערלעכע שיסעריי, זיי האָבן געטראכט, אז מען שיסט אויף זיי פון דרויסן. ס׳ברעכט אויס א פּאניק צווישן זיי אליין. אונדזערע חברים, וואָס זיינען געשלאָפן, זיינען אלע דערשאָסן געוואָרן און אויך דער בעל־הבית פון הויז, דער קריסט, מיט זיין טאָכטער ווערן געטויט. מיר פארבלייבן נאָר זעכצן מענטשן. מען נעמט צו אונדזער געווער, און א קאָמיסאר לייענט אויס א געשריבענעם צעטל, אז פאר קרימינעלע זאכן, וואָס מיר האָבן אָפּגעטאָן, ווערן מיר פארמשפט צום שיסן. אזוי־ווי א סך האָט מען שוין געטויט, שענקט מען אונדז דאָס לעבן, בתנאי, אז מיר זאָלן פארלאָזן דעם ראיאָן. מיר בעטן, אז מען זאָל אונדז לאָזן באערדיקן אונדזערע חברים.

אלעמען לאָזט מען פריי. צו מיר גייט צו דער קאָמאנדיר מיט נאָך א פּארטיזאן. ער באפעלט אים, אָפּפירן מיך צו דעם דערבייאיקן וועלדל און דערשיסן, ווייל איך בין געוועזן סענקעס אונטער־קאָמאנדיר. דער קאָמאנדיר גייט אוועק. אין דעם מאָמענט פּאסירט פּשוט א נס: דער פּארטיזאן, וואָס דארף מיר דערשיסן, לאָזט מיר אראָפּ א געפּערלעכן פּאטש און ס׳ווערט מיר שלעכט; צו פארלירן האָב איך גאָרניט, כאַפּ איך זיך צו אים און הויב אים אָן צו שטיקן, נאָר ער גיט א געשריי צו מיר: ״מאָלטשי! יא טאָזשע עמך״, (שווייג! איך בין אויך אן עמך). איך ווער פּשוט צעטומלט, איך ווייס, אז וואנקעס אָטריאד האָט ניט מער קיין יידן. ער פירט מיך אָפּ צום וועלדל, שיסט אויס עטלעכע מאָל, צעקושט זיך מיט מיר און זאָגט: ״גיי מיט גאָטס הילף, אפשר וועלן מיר זיך נאָך טרעפן אמאָל״. דאָס איז געוועזן דער פּאָליטרוק פון וואנקעס אָטריאד. זיין נאָמען האָב איך קיינמאָל ניט געוווסט, עד היום.

נאָך א נאכט וואנדערן, טרעף איך זיך מיט אונדזערע איבערגעבליבענע חברים. אָבער ווו גייט מען אָן געווער און אָן שפּייז. מיט גרויסע ווונדן אין אונדזערע הערצער, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט אזויפיל טויטע חברים, אָבער מיר קענען זיך גאָרניט העלפן. איך נעם זיך אָן מיט מוט. ביי מיר אין רוקזאק געפין איך אן אלטן שיידל פון א נאגאן. איך שטאָפּ אים אָן מיט שטרוי, עס זאָל אויסזען ווי אן אמתער נאגאן. מיר גייען אריין צום ערשטן פויער, באפעל אים צו געבן שפּייז פאר אלעמען און אויך א פערד און שליטן. לכתחילה וויל ער ניט הערן און הויבט אָן צו לאכן, אָבער ווען איך כאַפּ זיך צו מיין שטרויענעם נאגאן און גיב אים צען מינוט, דאָס אלץ צו צושטעלן, ווען ניט שיס איך אויס אלעמען און מיר וועלן פארברענען זיין הויז, דעמאָלט ווערט אלץ צוגעשטעלט.

ווינטער, 1943.

מיר דערגרייכן צו די ליפּיטשיאנסקער פּושטשעס. מיר האָפן צו פאריייניקן זיך מיט אונדזערע אָטריאדן, אָבער מיר דערוויסן זיך, אז מען זוכט אונדז ארום אלס דעזערטירער און מען וועט אונדז גלייך שיסן, אויב מיר וועלן זיך נאָר באוויין. מיר מוזן שנעל זיך אָפּטראָגן. גייען

מיר ווידער אוועק צו אַרלאַנסקעס אַטריאַדן. די צייט איז נאָך אומרואיק און איך געפין זיך צווישן א גוישער גרופּע. כ׳בין שוואַך און קראַנק, אָבער מען טאָר ניט דערמאָנען, אז מען איז קראַנק. אין צווישן ווערט אָרגאַניזירט א גרופּע, וואָס מוז גיין ברענגען פּראָוויאַנט. מיר פאָרן ארויס אין זייער א קאַלטער נאַכט. מיר קומען נאָענט צו כוטאָרעס. מיט צוויי רוסישע פּאַרטיזאַנער גיי איך אין אויסשפּיר, די איבעריקע זיינען אויס־געלייגט ביים שאָסיי. ס׳קומען אונדז אנטקעגן עטלעכע מענטשן. ס׳איז זייער שווער צו זען און מיר שרייען אויס: ״סטאָי, דאוואי פּאַראָל !״ יענע נאכט איז דער פּאַראָל געווען ״סטאַלין״. זיי ענטפערן דעם ריכטיקן פּאַראָל און מיר זיינען זיכער, אז דאָס זיינען אויך פּאַרטיזאַנער. ווען מיר דערנעענטערן זיך, זעען מיר, אז דאָס זיינען ניט אונדזערע, אָבער אויף זיכער האָבן מיר ניט געוווּסט, ווייל זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אין ציווילע קליידער. אלס ייד האָב איך דערקענט, אז דאָס זיינען יידישע מאַנטלען. מיר פרעגן ווו זיינען זייערע איבעריקע, זאָגן זיי: ״אין כוטאָר״. מיר באַפוילן זיי צו גיין פאָרויס, און מיר האַלטן די גאַנצע צייט דאָס געווער געצילט אויף זיי. מיר גייען אריין אין כאַטקע.

דאָ זעען מיר פון דער פינצטערניש, אז דאָס הויז ווערט ארומ־גערינגלט פון א סך מענטשן, אָבער ווער זיי זיינען ווייסן מיר ניט. אָבער ווי מען עפנט די טיר, דערזעען מיר עסטאָניער און ליטווינער. אין הויז זיצט א הייכער דייטשישער אָפיצער; מען הויבט אונדז אָן אויס־צופרעגן. מיר מאכן זיך ניט פארשטייענדיק. דער דייטש באַפעלט צו שיסן אונדז, זעקס אזייגער אין דער פרי. צו זיין זיכער, אז מיר וועלן ניט אנטלויפן, נעמט מען צו אונדזערע קליידער. מיר זיצן שוין הוילע, ווי ניי געבאָרענע. דער דייטש פארלאָזט דאָס הויז. ס׳בלייבן נאָר דריי עסטאָניער, צו היטן אונדז. דער זייגער אויפן וואַנט קלאַפּט אויס יעדע שעה און אונדזער טויט דערנעענטערט זיך. איך זאָג צו מיינע רוסן, וואָס עס גייט זיין. מיר ריידן זיך צונויף, אז ווען מען וועט אונדז ארויספירן פארטאָג, זאָלן מיר זיך צעלויפן אין באַזונדערע ריכטונגען. ווען ס׳וועט זיין באַשערט צו בלייבן לעבן, דאָס וועט דער גורל באַווייזן.

עס דערנעענטערט זיך זעקס אזייגער אין דער פרי. ס׳קומען אריין

פיר ליטווינער, מיט גרויסע פעלצן אויף זיך. מען הייסט אונדז זיך אויפשטעלן און זיי זאָגן, אז מען גייט אונדז ברענגען אין א צווייט הויז. אָבער מיר פארשטייען, אז דאָס איז ניט ריכטיק. מיר זיינען נאקעט, אָן קליידער און אויפן גאס ברענט דער פראָסט. מיר ווייסן, אז דאָס איז אונדזער סוף... זייענדיק זיכער, אז מיר וועלן ניט אנטלויפן, האלטן זיי דאָס געוועער אויף די פּלייצעס. די טיר ווערט געעפנט און מען הייסט אונדז גיין. איך גיי ארויס דער ערשטער און שטעל מיין ערשטן טראָט אויפן שניי, מיט באָרוועסע פיס. דער שניי ווערט צוגעקלעפּט צו די פיס און איך דערזע רויטע שטערן אויפן הימל. דעם ווייטיק קען איך ניט באשרייבן. אָבער דאָ ווילט זיך אנטלויפן פון די מערדערישע הענט. מיר גיבן א סיגנאל און מיר צעלויפן זיך אין באזונדערע ריכטונגען. דער וואלד איז ארום הונדערט פופציק מעטער פון אונדז. איך לאָז זיך לויפן אין דער ריכטונג פון וואלד, אָבער אין א זיג־זאג; איידער די ליטווינער באווייזן אראָפּצונעמען דאָס געוועער פון די פּלייצעס און שווערע פעלצן, בין איך שוין אין וואלד. געציילטע מינוטן שפּעטער הער איך ווי מען שיסט פון אלע זייטן. איך הער ווי איינער פון אונדז שרייט אויס ״באַזשינקא״ — גאָט — און דאָס אלץ. אלץ ווערט פארשטומט. כ׳בין זיכער, אז ביידע רוסן זיינען שוין טויט. איך לויף ווי א הירש, מיינע פיס פיל איך שוין ניט, כ׳בין אינגאנצן פארפרוירן. איך דערזע פון ווייטן א הויז פון ״לעסניק״, וואָס באוואכט דעם וואלד. איך לויף צו, קלאַפּ אָן מיט די לעצטע כוחות אין טיר. די טיר ווערט געעפנט, די היץ פון הויז גיט מיר א שלאָג אין קאָפּ און כ׳פאל א פארחלשטער אויפן שוועל.

— — — — — — — — — — — — — —

שפּעט אין אָוונט דערציילט מיר דער קריסט, אז ווען איך האָב געחלשט, האָט ער מיר אויפגעריסן מיין מויל און אריינגעגאָסן א גאנצע גלאָז מיט ספּירט און האָט גלייך ארומגעוויקלט מיינע פיס מיט חזיר־שמאלץ, ווייל אויף מיינע פיס האָב איך שוין קיין הויט ניט געהאט. ער האָט מיך ארויפגעלייגט אויפן אויוון, דאָרט בין איך געשלאָפן ביז שפּעט אין דער נאכט. איך עפן מיינע אויגן און ווי א חלום שטעלט זיך מיר אלץ פאָר. איך ווייס, אז מען האָט מיר געפירט שיסן און דאָ ליג

איך אויף אן אויוון; איך וויל אראפגיין, אָבער מיינע פיס זיינען ווי העלצער, איך פיל זיי אינגאנצן ניט. איך שריי אויס: ״ווער איז דאָ?״ קיינער ענטפערט ניט. א פּאָר מינוט שפּעטער גייט דער קריסט אריין מיט האָלץ אויף זיינע הענט; ער דערציילט, וואָס ס׳איז געוועזן מיט מיר. צוויי וואָכן ליג איך דאָרט און ער היילט מיר מיינע פיס. שפּעטער טוט ער מיר אָן לאפּטשעס, כדי עס זאָל זיין וויכער צו גיין און שיקט מיך, מיט גאָט, אוועק.

אין אונדזער אָטריאַד ווייסט מען שוין, אז אלע דריי האָט מען דער־שאָסן. מען האָט וועגן אונדז שוין לאנג פארגעסן. איך קום אראָפּ א פארוואָקסענער מיט א באָרד, אין לאפּטשעס, צעריסענע קליידער און קיינער דערקענט מיך ניט. אָבער א פּאָר מינוטן שפּעטער כאַפּט מען זיך צו צו מיר, זיי רירן מיך אָן, ס׳גלויבט זיך זיי ניט, אז איך לעב. כ׳ווער געהעכערט אלס קאָמאנדיר, און נעם איבער א גרופּע פון 72 פארטיזאנער.

ס׳גייען אריבער א פּאָר חדשים. דער אנטיסעמיטיזם צווישן די פארטיזאנער בושוועט נאָך אלץ. איינמאָל פּאסירט, אז איך פּאָר מיט מיין גרופּע אויף אן אויפגאבע און זיי ריידן צווישן זיך: ״ווען מיר כאַפּן דאָ א יידן, וואָלטן מיר אים צעשניטן אויף שטיקער, צוליב זיי מוזן מיר זיצן אין די וועלדער״. איך מוז באטאָנען, אז מיין גרופּע באשטייט נאָר פון רוסן און זיי ווייסן ניט, אז איך בין א ייד, זיי ווייסן נאָר, אז מיין נאָמען איז וואָלאָדזקע. מיר גייט דאָס שטארק אריין אין זינען און איך טראכט: האָט מיך דער דייטש ניט געטויט, וועלן מיך מיינע אייגענע פארטיזאנער טויטן. שטילערהייט טרעפן מיר זיך מיט אלע חברים, וואָס זיינען געבליבן לעבן פון סענקעס גרופּע און מיר דעצידירן אוועק־צוגיין פון דאנען.



סעפּטעמבער, 1943: מיר זיינען א גרופּע פון איבער צוואנציק יידן, מיט גאָניע שעלובסקין בראש. ער ווערט באשטימט צווישן אונדז אלס פירער. מיר טרעפן זיך צונויף מיט טוביה בעלסקין. ער בעט אונדז,

אָנשליסן זיך אין זיינע רייען. מיר זאָגן, אז מיר ווען זיך אָנשליסן צוזאמען, אָבער מיר זאָלן זיין א באזונדערע גרופע. טוביה וויל עס ניט און מיר פארבלייבן באזונדער. ס׳האלט שוין ווידער ביי אן אָבלאווע פון די דייטשן אויף אונדז. איצט שוין אין נאליבאָקער פושטשע. מיר געפינען זיך נעבן הוטע. איצט געפין איך זיך אין ״ראזוועדקע״ (אויס־שפיר). ס׳לויפט זיך פאנאנדער בעלסקיס אָטריאד, ווו־ווער ס׳קען באוויזן. איך קום צורייטן אויף א פערד צו א גרופע, וואָס האָט נאָך ניט באוויזן צו אנטלויפן. די מענטשן וויינען און זאָגן, אז אלע זיינען זיך צעלאָפן און זיי ווייסן ניט וווהין. אין אונדזער גרופע האָבן מיר זיך אלע געהאלטן צוזאמען, מיר האָבן קיינעם ניט געטאָרט צונעמען, אָדער אוועקגיין איינער פונעם אנדערן; נאָר אזוי־ווי איך האָב געזען, אז די מענטשן קענען זיך קיין עצה ניט געבן (די גרופע איז באשטאנען פון דרוקס משפחה, — איצט אין טאָראָנטאָ, קאנאדע, בעדזאָווסקי׳ס משפחה, — איצט אין מאָנטרעאָל, קאנאדע, ישראל בעדזאָווסקי, — איצט אין תל־אביב און נאָך א וואַרשעווער משפחה), — האָב איך דעצידירט זיי אוועקצונעמען אין א מער זיכערן פלאץ. ס׳איז אויך וויכטיק צו באטאָנען, אז צווישן בעדזאָווסקיס משפחה איז געווען א טאָכטער, לילקע, וועלכע איז איצט מיין פרוי און מיר האָבן צוויי טעכטער מיט א זון.

— — — — — — — — — — — — —

אלזאָ, — איך בין מיט זיי געווען עטלעכע שיינע חדשים. ווען ס׳האָט זיך אלץ בארואיקט, האָב איך זיך ווידער פארבונדן מיט אונדזער געוועזענער גרופע און מיר אונטערהאנדלען ווידער מיט טוביה בעלסקי. מיר שליסן זיך אָן צוזאמען, אָבער מיר פארבלייבן א באזונדערע גרופע.

מיר באקומען נאָך חברים פון ביעלסקיס אָטריאד, און מיר אָרגאניזירן אן אָטריאד מיטן נאָמען ״אָרדזשוניקידזע״. אונדזער אָטריאד ווערט דער שטארקסטער כוח פון די ביעלסקיס. ביעלסקי קריגט זייער א גוטן נאָמען אין געגנט, צוליב אונדזערע אויפטוען. מיר רייסן אויף באנען, שאָסייען, בריקן, אלץ וואָס נאָר ס׳לאָזט זיך. אין דער אויפרייס־גרופע, געהער איך אויך, צוזאמען מיט מיין זייער גוטן חבר, לייבוש פערדמאן, איצט אין ניו־פאונדלענד, קאנאדע.

.1944

א יאָר גייט אוועק מיט שלאָגן דעם דייטש און אויפרייס־קאמפן. ס׳דערטראָגן זיך גוטע נייעס, אז די רויטע ארמיי יאָגט צוריק דעם דייטש מיט גרויסע פארלוסטן. מיר טרעפן זיך צונויף מיטן דייטש אין קאמפן, אויך נעמען מיר פיל געפאנגענע און מיר גיבן זיי דעם זעלבן טויט, וואָס זיי האָבן געגעבן אונדזערע ליבסטע. זיי בעטן זיך, אז מיר זאָלן זיי לאָזן לעבן, זיי וועלן אלץ טאָן פאר אונדז; יעדערער זאָגט, אז ער איז ניט שולדיק. אָבער אונדזערע הערצער זיינען פארשטיינערט. מיר האָבן נאָר איין ענטפער: ״ימח־שמם״!

דאָס גייט אזוי אָן ביז דעם חודש סעפטעמבער, 1944. ס׳קומט א באפעל פון דער הויפט־קוואַרטיר, אז דער דייטש לויפט צוריק, די רויטע ארמיי יאָגט אים, ער וועט מוזן דורכגיין דורך אונדזער ראיאָן, אזוי־ארום מוז מען זיך איינגראָבן און פארשטארקן דעם כוח, כדי ניט דורכלאָזן דעם דייטש; אָדער כאַפּן, אָדער פארניכטן אים, אזוי זאָגט דער באפעל. די קינדער און פרויען ווערן אוועקגעפירט אין א מער זיכערן אָרט. ס׳פארבלייבן נאָר מענער, וועלכע קענען העלפן צו פארשטארקן דעם כוח. עלטערע מענטשן גראָבן אָקאָפּעס, גרייטן צו דאָס געווער און דער יונגער כוח פארנעמט פּאָזיציעס, האַלט וואך און אפילו דאָפּלטע וואך, עס זאָל אלץ זיין צוגעגרייט, כדי צו קענען זיך אנטקעגנשטעלן און פארניכטן דעם שונא.

זייענדיק א פּולעמיאָטשיק, נעם איך זעקס חברים מיט מיר און פארנעם א פּאָזיציע אנטקעגן זאַרינס אָטריאַד. ניט ווייט פון מיר שטייט בנימין דאָמבראָווסקי, אויך א פּולעמיאָטשיק, מיט זעקס קעמפער. בייטאָג הערט מען פון וייטן שיסערייען, ביינאכט קען מען שוין הערן נעענטער. פון צייט צו צייט באווייזן זיך דייטשן, אָבער ווי נאָר זיי ווערן באמערקט, ווערן זיי אָפּגעווישט.

ס׳געדויערט אזוי א פּאָר טעג און דער שונא פּרובירט זיך דורכ־רייסן דורך אונדז, אָבער עס געלינגט אים ניט, ווייל דער כוח איז זייער א שטארקער, ניט נאָר פון אונדז אליין, נאָר הינטער אונדז שטייען נאָך און נאָך גויישע אָטריאַדן. ענדלעך קומט דער דעצידירנדיקער טאָג. מיר

צו קויפן א ביסל מעל ביי א פּויער. אויפן וועג האָבן אונדז אָפּגעשטעלט די דייטשן און רעווידירט. זיי האָבן צוגענומען דאָס מעל, פאַרשריבן די נעמען און אוועק. אויפן אנדערן טאָג איז מען געקומען אין געטאָ אונדז זוכן צום דערשיסן. מיר האָבן אָבער געהאט אָנגעגעבן פאַלשע נעמען און דאָס האָט אונדז געראַטעוועט.

צו אליקום האלפּערין זיינען אריינגעקומען קאַליאַ קאַמאַרניק און פּעטריק בעדון און אים מיטגענומען אין דער קאָמענדאַנטור. דאָרט האָבן זיי אים באַפוילן צו קושן דאָס בילד פון סטאַלינען. ווען ער האָט אויס־געפירט זייער באַפעל, האָבן זיי אים געשלאָגן מיט א ווילדער סאַדיסטישער הנאה. נאכער האָבן זיי באַפוילן, אז ער זאָל בילן ווי א הונט, און ער האָט זיי געמוזט פאָלגן. זיי האָבן אים געשלאָגן אזוי לאַנג, ביז ער איז געבליבן ליגן אָן באַוווסטזיין. אין אזא מצב האָבן זיי אים אריינגעוואָרפן צוריק אין געטאָ. מיר האָבן אים געוויקלט אין נאַסע ליילעכער און געקילט זיינע בראַנדיקע ווונדן. נאָך דריי טעג האָט מען אים געטריבן צו דער ארבעט, כאָטש ער האָט נאָך ניט געקענט שטיין אויף זיינע פיס. אגב איז כדאי צו באַמערקן, אז פּעטריק בעדון איז נאָך דער מלחמה געכאַפּט און געמשפּט געוואָרן אין רוסלאַנד.

נאָך דער שחיטה אין נאָוואָרעדאָק, האָבן די דייטשן קאָנצענטרירט די געבליבענע יידן אין געטאָ אויף פּערעסיקע. איך האָב זיך צוזאַמענ־גערעדט מיט א גרופּע יידן וועגן אנטלויפן, כל־זמן ס׳איז נאָך ניט צו שפּעט.

איך האָב בייטאָג אָפּגעריסן עטלעכע ברעטער פון פּלויט, אז מיר זאָלן ביינאכט ניט דארפן מאכן קיין גערויש, און געלאָזט זיי שטיין, אז מען זאָל ניט דערקענען. שפּעט אין אָוונט זיינען מיר, איינער נאָכן אנדערן, ארויס דורך דער צוגעגרייטער עפענונג און זיך געלאָזט לויפן. אויפן וועג האָט אונדז באַגעגנט א גוי, וועלכער האָט תיכף אַלאַרמירט די דייטשן. באַלד טאַקע האָט מען אויף אונדז געעפנט א שיסעריי. מיר זיינען געפאַלן צו דער ערד און געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך א לענגערע צייט. ווען ס׳איז שטיל געוואָרן האָבן מיר זיך ווייטער געלאָזט לויפן, אָנגעקומען ביז צו די קאַשארן און פון דאָרט אוועק אין פאַרשיידענע דערפער.



על קבר הקדושים בליטובקה ע"י נובוגרודק, שני משמאל יושב ר' שלום לייבוביץ'

אונדזער גרופּע איז דערגאַנגען ביז ווערעסקאָווע, ניט ווייט פון דעלאַטיטש. דאָרט האָבן מיר זיך איבערן טאָג באַהאַלטן אויף א פעלד. ווען ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט און מיר האָבן פארשטאַנען, אז די פויערים שלאָפן שוין, זיינען מיר אוועק קיין דעלאַטיטש, מיט דער כוונה אריבער־צוגיין דעם ניעמאַן און דערגיין צו די כוטאָרן אין דערנעבנדיקן וואַלד.

ווי נאָר מיר האָבן געשטעלט די ערשטע טריט, אויפן דעלאַטיטשער בריק, האָבן מיר דערהערט פון מיטן בריק א געשריי פון א דייטשן וואַכמאַן: ״האַלט! שטיין בלייבן!״. צום גליק איז די נאַכט געווען זייער א פינצטערע און מיר האָבן באַוויזן צו פארשווינדן פון בריק, נאָך איידער דער דייטש האָט אונדז באַמערקט. צו בלייבן אויף אן אָרט איז געווען געפערלעך, האָבן מיר זיך געלאָזט גיין מיטן ברעג טייך, אפשר וועט זיך מאַכן א וועלכע ס׳איז געלעגנהייט צו אריבערגיין דעם ניעמאַן. און ווי מען וואָלט פאַר אונדז געזאָרגט פון הימל, אז מיר זאָלן זיך ראַטעווען, האָבן מיר געפונען ביים ברעג א לאָדקע, ממש ווי צוגעגרייט פאַר אונדז. איינציקווייז האָב איך אַלעמען אריבערגעפירט אויפן רעכטן ברעג פון ניעמאַן און נאָך די זעלבע נאַכט זיינען מיר דערגאַנגען צום וואַלד.



ס׳איז אראָפּ א קאַלטער שנייאיקער רעגן, וואָס האָט דורכגעווייקט אונדזערע קליידער ביזן לייב. מיר זיינען געווען הונגעריק, אויסגעמאַטערט פון גיין און די נאַסע קערפּערס האָבן געציטערט פון קעלט. מיר האָבן געמוזט, וואָס גיכער קריגן עפּעס צום שטילן דעם הונגער. ניט אָן שרעק האָב איך באַשלאָסן אריינגיין צו פאַרבאַטקען און בעטן אַביסל שפּייז. ער האָט מיך אויפגענומען גאַנץ מענטשלעך, געגעבן א שטיק ברויט מיט מילך און מיר האָבן דערמיט אָפּגעכאַפּט דאָס האַרץ.

פון פאַרבאַטקען זיינען מיר אוועק צו קאַמאַראָווסקין אויפן כוטאָר. ער האָט אונדז אויפגענומען זייער גוט, געגעבן צו עסן און טרינקען, אָבער אויסבאַהאַלטן ביי זיך צוועלף מענטשן האָט ער ניט געקענט. וואָס זשע טוט מען ווייטער? ... גייען מיר צוריק אין וואַלד. דערווייל האָט

אונדז באמערקט א פויער, וועלכער האָט אונדז אָנגענומען פאר פארטי־זאנער איז ער אוועק און געמאָלדן, אז פארטיזאנער זיינען באפאלן קאַמאראָווסקין. צום גליק איז ארויס די זון, וועלכע האָט אויסגעטריקנט דעם גראָז און פארווישט אונדזערע שפורן.

מיר האָבן זיך געלאָזט צו קלוטשיסט און געהאט בדעה אויפצושטעלן דאָרט א זעמליאנקע, אָבער מיר האָבן דאָרט געפונען פרישע שפורן פון וואלדהעקער, זיינען מיר אוועק קיין קראסנאָ־האָרקא, ווו מיר האָבן זיך צוגעזעצט אָפרוען. דער מאָגן האָט אָבער געפאָדערט דאָס זייניקע, זיינען עטלעכע מענטשן אוועק צוריק צו פארבאָטקען און געבעטן ביי אים נאָך שפייז. ער האָט אונדז געגעבן א טאָרבע מעל, א דריי פוד קארטאָפל מיט אן עמער צום קאָכן און מיט דעם פארמעגן האָבן מיר זיך געלאָזט גיין צו אונדזערע מענטשן.

אָפגעגעסן צו דער זעט, האָבן מיר באַשלאָסן זיך צעטיילן אויף צוויי גרופעס. מיט מיר איז געבליבן א גרופע פון זיבן מענטשן, אין דעם אויך מיינע קינדער. מיר האָבן אויסגערעכנט, אז צוויי קלענערע גרופעס וועלן זיך לייכטער אן עצה געבן און וועלן זיך אזוי ניט ווארפן אין די אויגן פון די פויערים.

נאָך א צען טעג וואנדערן איבערן וואלד, האָבן מיר זיך דער־נעענטערט צו באקשט. דאָרט האָב איך צופעליק געטראָפן א באקאנטן גוי, ביי וועלכן כ׳האָב געקראָגן א שטיקל ברויט פאר שפרה׳ן, וועלכע איז געוואָרן זייער שוואך און ניט געהאט מער קיין כוחות צו גיין. דער זעלבער גוי האָט אונדז געהאָלפן קומען צו אנדערע פויערים אין דער געגנט פון פאָטאשניע, ביי וועלכע מיר האָבן געקראָגן ברויט און אנדערע שפייזן. ער האָט אונדז אויך געבראכט א ביקס מיט 85 קוילן, פאר וועלכע כ׳האָב אים געגעבן א פאָר לעדערנע זוילן.

אויפן אנדערן טאָג האָט אונדז דער זעלבער גוי געבראכט ברויט מיט פוטער. דאָס האָט ביי אונדז ארויסגערופן א פארדאכט, אפשר וויל ער אונדז ארויסגעבן צו די דייטשן, וועלכע האָבן געצאָלט 50 מארק און א קילאָ צוקער פאר יעדן ארויסגעגעבענעם ייד? מיר האָבן אָנגעהויבן זיך אויסבאהאלטן פונעם דאָזיקן גוטן מענטש, אָבער ער האָט אונדז

שטענדיק געפונען, געבראכט שפייז און דערמוטיקט מיט גוטע ווערטער.

מיר האָבן אויסגעבויט אין וואלד א זעמליאנקע און זיך דאָרט באזעצט. אויך האָבן מיר געפונען א גרוב מיט קארטאָפל און ביסלעכווייז אריבערגעטראָגן זיי צו זיך אין זעמליאנקע. איך פלעג באזוכן די ארומיקע פויערים און קריגן ביי זיי ברויט. ניט ווינציק האָט דאָ צוגעהאָלפן די ביקס. א באקאנטער פויער האָט געזען, אז איך גיי ארום מיט באָרוועסע פיס, ארומגעוויקלט נאָר מיט היי און פארבונדן מיט שנירלעך, האָט ער מיר געגעבן א פּאָר לאפּטשעס מיט לייוונטענע שמאטעס און כ׳האָב פשוט אויפגעלעבט.

א פּאָר טעג פאר ראש־השנה זיינען צום גוטן פויער געקומען פינף יידן פון איזביצע. ער האָט זיי דערציילט, אז מיר באהאלטן זיך אויס אין דער סביבה, האָבן זיי זיך ארויסגעלאָזט זוכן אונדז און אין איינעם א פרימאָרגן האָבן מיר זיך געטראָפן. די איבערראשונג און שמחה פון טרעפן לעבעדיקע יידן, איז געווען זייער גרויס, שווער צום באשרייבן.

פאר א גרעסערער גרופּע מענטשן, איז די זעמליאנקע געווען צו קליין, האָבן מיר באשלאָסן צו פארגרעסערן זי אזוי, אז מיר זאָלן אלע קענען זיין צוזאמען.

אויפן וועג צו פּאָטאָשנע האָבן מיר אין איינעם א טאָג אָנגעטראָפן אויף א סך באוואָפנטע מענטשן. דאָס ערשטע האָבן זיי ביי אונדז צו־גענומען די ביקס און נאכער גענומען אויספאָרשן ווער מיר זיינען. האָט זיי ישראל געענטפערט: ״מיר זיינען די זעלבע וואָס איר — פּארטיזאנער״. בעטן זיי פון אונדז א פּאראָל — א לאָזונג, וואָס זאָל באשטעטיקן, אז מיר זיינען אמתע פּארטיזאנער. הכלל, מען האָט אונדז געבראכט צום קאָמאנדיר און דאָ האָט זיך באנייט די אויספאָרשונג. צום סוף באפעלט דער קאָמאנדיר, אז מען זאָל אונדז אלעמען ארויספירן שיסן, ווייל מיר זיינען פשוטע רויבער און פאר אזעלכע איז ניטאָ קיין רחמנות. אז ס׳איז אָבער באשערט צו בלייבן לעבן קומט שטענדיק די הילף, אפילו אין לעצטן מאָמענט. דער קאָמאנדיר איז פּונקט איינגעשטאנען אין הויז פונעם גוטן פויער, ביי וועלכן מיר האָבן באקומען די ביקס. דערהערט דעם באפעל האָט דער פויער זיך אָפּגערופן:

״זיי זיינען ניט קיין קיין רויבער און האָבן קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן. זיי בעטן נאָר שפייז און אליין נעמען זיי ניט. איך קען גאראנטירן, אז זיי זיינען זייער אָנשטענדיקע מענטשן און זיינען ווערט, אז מען זאָל זיי העלפן״.

אויסגעהערט, וואָס דער פויער זאָגט, האָט דער קאָמאנדיר באלד געענדערט זיין באפעל; ער האָט אונדז אומגעקערט די ביקס און מודיע געווען, אז בקרוב וועט דאָ דורכגיין בעלסקיס גרופע פארטיזאנער, וועלן מיר קענען זיך אָנשליסן צו זיי. מיר האָבן לאנג ניט געוואַרט און זיך וואָס גיכער אומגעקערט אין אונדזער זעמליאנקע.

בערל, ברוך־מרדכיס, און מענדל גאָלדשמיד פון באקשט זיינען אוועק קיין לעזניעוויטש, ניט ווייט פון איוויע. אויפן וועג האָבן זיי געטראָפן פארטיזאנער, וועלכע האָבן זיי געוואָלט דערהרגענען. האָבן זיי אָנגעהויבן צו וויינען און בעטן פארן לעבן. זיי האָבן גענומען בערלען מיטן ביקס און אוועק זאמלען ברויט. נאָכער האָבן זיי אים פריי געלאָזט און צוגענומען פאר זיך די ביקס.

דערווייל האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז קיין פּאָטאשנע זיינען אָנגעקומען א סך פארטיזאנער־גרופן פון סטאלינסקער אָטריאד, מיט זייערע קאָמאנדירן. זיינען אייניקע פון אונדז אוועק אהין און דערציילט וועגן דער ביקס, וואָס מען האָט צוגענומען. דער קאָמאנדיר פון אָטריאד האָט געגעבן א שריפטלעכן באפעל, אז מען זאָל אונדז געבן עסן, ווייל מיר געהערן צו זיינע פארטיזאנער. ער האָט אָבער געפאָדערט, אז מיר זאָלן אָפּגעבן אויך די קוילן, ווייל סיי ווי האָבן מיר ניט קיין ביקס. מיר האָבן זיך אָבער געמאכט ניט הערנדיק און וואָס גיכער זיך אָפּגעטראָגן. דער קאָמאנדיר האָט באפוילן, אז מען זאָל אונדז כאפן און גוט מקיים־פסק זיין. א באקאנטער פויער האָט דאָס צוגעהערט, איז ער ארויס מיט א האק אין וואלד, כלומרשט אָנצוהאקן האָלץ, האָט אונדז אָנגעיאָגט און דערציילט וועגן קאָמאנדירס באפעל. האָב איך צונויפגענומען אלע קוילן און אוועק איבערגעבן זיי דעם קאָמאנדיר. אויפן וועג האָב איך געטראָפן א פור, פרעגט מיך דער פויער: ״וווהין גייסטו, באטשקאָ?״ ענטפער איך אים, אז כ׳גיי אין דאָרף, ווו די פארטיזאנער שטייען איין; הייסט ער ארויפ־

קריכן אויפן וואגן, ווייל אויך ער פארט אהין. קיין סך ניט געטראכט, בין איך ארויף אויפן וואגן און כ׳דערזע אויף אים אונדזער ביקס. כ׳האב אבער גארניט געזאגט, ביז מיר זיינען אנגעקומען אין דארף אריין. דארט האב איך געפועלט ביים קאמאנדיר, אז מען זאל אונדז אומקערן די ביקס און פארשטענדלעך, אז מען האט אויך דערלויבט צו האלטן די קוילן. מען האט אבער אנגעזאגט, אז מיר טארן ניט גיין זוכן קיין עסן, ווייל זיי וועלן אונדז מיט דריי טעג שפעטער באזארגן מיט שפייז.

געווען נאכער א פאל, אז ס׳האט אונדז אויסגעפעלט שפייז, איז ישראל ס׳אנימסקי אוועק און גענומען מיט כוח ברויט ביי איינעם א פויער. דער פויער האט דאס איבערגעגעבן אין שטאב פון די פארטיזאנער. מען האט אונדז אלעמען געבראכט צום קאמאנדיר, האט ער באפוילן דעם פויער צו זאגן, ווער פון אונדז ס׳האט דאס געטאן, וועט מען זיך מיט אים קיין סך ניט שפילן און ארייננלאזן א קויל אין קאפ. ווייזט אויס, אז ביים פויער האט זיך דערוועקט דאס געוויסן, אדער אפשר האט ער זיך דערשראקן פאר אונדזער נקמה, האט ער יעדער איינעם פון אונדז גוט אנגעקוקט — כאטש ער האט אלעמען מער־ווייניקער געקענט — און זיך אנגערופן, אז דאס איז געווען אן אנדערער און ער זעט אים ניט צווישן אונדז. בלית־ברירה האט מען אונדז באפרייט, און אפילו מיטגעגעבן ברויט און פלייש, אז מיר זאלן ניט דארפן נעמען מיט כוח.

מיר האבן אנגעהויבן צו קויפן געווער ביי די פויערים. אויך האבן מיר פאר בעלסקיס פארטיזאנער געגעבן א קוילנוווארפער און א מינענוווארפער. יעדער איינער פון אונדזער גרופע, וואס האט שוין געציילט עטלעכע און דרייסיק מענטשן, איז געווען גוט באוואפנט און מיר זיינען געווארן אפיציעלע פארטיזאנער, אנגעהעריקע צום סטאלינסקער אטריאד. מיר זיינען טאקע אריבער אין דער געגנט, ווו דער אטריאד האט געפירט זיין טעטיקייט.



ס׳האט זיך אנגעהויבן די גרויסע אבלאווע פון די דייטשן אויף דער פארטיזאנער זאנע, וואס האט געהאט דעם ציל צו ליקווידירן פולשטענדיק די פארטיזאנישע באוועגונג אין מערב־ווייסרוסלאנד.

דער קאָמאַנדיר, וויסנדיק אז די דייטשן דערנעענטערן זיך, האָט געשיקט א מענטשן, ער זאָל מיך ברענגען צו אים, צו וואָרענען וועגן דער געפאר, אז מיר זאָלן ניט אריינפאלן צו די דייטשן. נאָכן אויסהערן זיינע רייד, האָב איך געבעטן, אז ער זאָל אונדז דערלויבן אָפּצוטרעטן צוזאמען מיטן אָטריאַד. ער אָבער האָט מיך געראטן צו בלייבן אויף אָרט, ווייל די קינדער זיינען צו שוואך פאר אזא געפערלעכן קאמפּס־וועג, וואָס דערוואַרט די צייטווייליק אָפּטרעטנדיקע פארטיזאַנער. ער האָט אויך געראטן צו פארשטעקן זיך אין א לאָך, ערגעץ־וואו אין וואלד און ניט בויען קיין בונקערס, ווייל די דייטשן וועלן זיי זיכער געפינען.

קומענדיק צוריק צו אונדזערע מענטשן, האָב איך זיי איבערגעגעבן די ווערטער פון קאָמאַנדיר. פיר און צוואַנציק מענטשן פון דער גרופּע האָבן זיך אָפּגעטיילט פון אונדז און האָבן אויפגעבויט א נייע, גוט פאר־מאסקירטע זעמליאַנקע. איך מיט די קינדער און מענדל דער באַקשטער, זיינען מיר אוועק זוכן אן אַנדער באהעלטעניש. בייטאָג פלעגן מיר זיך באהאלטן אין די זומפּן, וועלכע די דייטשן האָבן, בדרך־כלל, אויסגעמיטן, ביינאכט פלעגן מיר ארויסגיין פון דאָרט; מיר פלעגן אָנצינדן א קליין פייערל צו אָנוואַרעמען די ביינער און צו אויפקאָכן א ביסל וואסער.

די אָבלאַווע האָט געדויערט דריי טעג. 63 טויזנט דייטשן האָבן מיט פייער דורכגעקעמט די גאַנצע געגנט, זיי האָבן באַנוצט טאַנקען און אפילו עראָפּלאַנען, אָבער זייערע דערפאָלגן זיינען געווען זייער נישטיקע. אין איינעם פון אָט די טעג האָבן מיר דערהערט שרעקלעכע געשרייען. ווען די דייטשן זיינען אוועק האָבן מיר געזוכט אין דער סביבה און האָבן דאָרט געפונען די צום טויט פארפייניקטע, גופים פון די מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעטיילט פון אונדזער גרופּע. מיר האָבן זיי געבראַכט צו קבורה אין וואלד און געזאָגט קדיש אויפן פרישן ברודער־קבר.

נאָך דער אָבלאַווע איז געווען שווער צו קריגן שפּייז. פינף טעג האָבן מיר כמעט ווי ניט געגעסן. יעדע שפּייז, וואָס מיר האָבן געפונען, אפילו צעפוילט און פול מיט ווערים, האָבן מיר עס געגעסן. ס'האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און דער פארטיזאַנישער לעבנס־סדר האָט זיך צוריק איינגעשטעלט. מען איז ארויס פון וואלד, צוריק אין די דערפער, מען

האָט זיך באַוועגט פריי, אָן מורא, און ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען, די צאָל פאַרטיזאַנער איז געוואַקסן, גרעסער געוואָרן. די אָבלאַווע און די דייטשע אכזריות צו די פויערים בעת דער אָבלאַווע, האָט זיי געבראַכט אין די פאַרטיזאַנישע רייען.

מיר האָבן אויסגעבויט אַ נייע זעמליאַנקע אין דער געגנט פון באַקשט און דאָרט פאַרבליבן ביז דער באַפרייונג. נאָך דער באַפרייונג האָט אונדז דער קאָמאַנדיר געראָטן גיין צו בעלסקיס פאַרטיזאַנער. מיר האָבן אים געפאָלגט און צוזאַמען מיט זיי, זיינען מיר געקומען קיין נאָוואַרעדאָק — די שטאָט אָן יידן.



בני העיירה שנצלו מהשואה.

רישע זאבלאָצקי

# אונטערן נאצי אין פראנקרייך

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן בין איך געווען אין ברעטאַן, אויף די וואקאציעס, צוזאמען מיט מיין מאן און קינד. מיט אונדז זיינען אויך געווען מיינע צוויי ברידער, מיט זייערע משפחות און מיין קוזין יאנקל, מיט זיין משפחה.

מיין מאן און מיין יינגערער ברודער זיינען געוואָרן מאָביליזירט אין דער ארמיי. מיר אלע זיינען געבליבן זיצן ביים ים און מורא געהאט ארייננצופאָרן צוריק קיין פאריז. אָבער נאָך דעם, ווי פראנקרייך איז געוואָרן אָקופירט און צעטיילט אויף צוויי זאָנעס, זיינען מיר ארונטער־געפאלן דער אָקופירטער זאָנע; ס'איז דעריבער געווען זינלאָז צו בלייבן זיצן אין ברעטאַן, און כ'בין מיט מיין זון אוועק אהיים, — קיין פאריז. אויך אבראשע איז געוואָרן דעמאָביליזירט און מיט גרויסע שוועריקייטן זיך דערשלאָגן אהיים.

די ערשטע טעג פון דער אָקופאציע, זיינען די דייטשן אין פאריז נאָך געווען העפלעך, נאָד ניט ארויסגעוויזן זייער אמתן פרצוף און ס'האָט זיך אויסגעוויזן, אז מען וועט זיך אן עצה געבן. מיר האָבן אפילו געעפנט די אפטייק, וועלכע האָט זיך געפונען צוזאמען מיט אונדזער וווינונג, אויפן ערשטן שטאָק. אָבער אָפיציעל האָבן מיר די אפטייק איבערגעגעבן צו א קריסטלעכן אפטייקער.

אין אויגוסט, 1940, כ'בין דעמאָלט געווען אין פינפטן חודש שוואנגער־שאפט, אזייגער פיר ביינאכט, האָט מיין מאן דערהערט דורכן אָפענעם פענצטער ווי עמיצער זאָגט: "אז דער אפטייקער וועט זיך אויפכאפן וועט ער האָבן א סורפריז". אבראשע איז צוגעקומען צום פענצטער און פאָרזיכטיק ארויסגעבליקט צום גאס. ער האָט דערזען, אז דאָס הויז איז ארומגערינגלט מיט א קייט פון פאָליציאנטן, אז קיינער זאָל ניט קענען אנטלויפן. אבראשע האָט מיך שטיל אויפגעוועקט פון שלאָף, דערציילט וואָס ער האָט געהערט און געזאָגט, אז ער וועט ארויפגיין אויפן זעקסטן

שטאָק, צו אונדזערס א שכנה, א קריסטין. אבראשע האָט נאָך צוגעגעבן:

— היות ווי דו שוואַנגערסט וועלן זיי דיך גאָרניט טאָן, אָבער פאַר מיר איז בעסער, אז כ׳זאָל ניט זיין אין שטוב.

כ׳בין שוין מער ניט געשלאָפן, נאָר געזעסן א פארטייעטע ביים פענצטער און געהיט יעדע באוועגונג פון די פּאָליציאַנטן. פאַרטאָגס האָבן



רישע זאבלאָצקי, מיטן מאן און קינד.

זיי אָנגעהויבן צו כאַפּן יידן, וועלכע האָבן זיך באוויזן אויפן גאַס. איך האָב תיכף טעלעפאָנירט צו מיין ברודער און צו באַקאַנטע און געוואָרנט ניט ארויסצוגיין פון שטוב און זיין פאָרזיכטיק.

אזייגער אכט האָט מען גענומען קלאַפּן אין טיר. א ציטעריקע פון שרעק האָב איך געעפנט די טיר, ס׳האָבן זיך תיכף אריינגעשטעלט א

דייטש מיט צוויי פראַנצויזישע געהיים־אַגענטן. זיי האָבן גלייך גענומען זוכן אין שטוב און געפאַרשט ווו מיין מאַן האָט זיך באַהאַלטן. כ׳האָב דערציילט, אַז אונדזער זון געפינט זיך אין א דאָרף אויף דאַטשע און מיין מאַן איז געפאָרן אים באַזוכן. זיי האָבן אָנגעזאָגט, אַז באַלד נאָך זיין קומען אַהיים, זאָל ער זיך מעלדן אין פּאָליציי־אַמט. פאַרשטייט זיך, אַז אַבראַשע האָט זיך שוין אויסבאַהאַלטן און באַשלאָסן, וואָס גיכער צו אַנטלויפן פון פּאַריז.

מיר האָבן גענומען זוכן א וועג אריבערצופירן אַבראַשען אין דער ווישי־זאָנע. וועגן מיר מיטן זון איז בכלל קיין רייד ניט געווען, ״זיי וועלן דאָך ניט נעמען קיין שוואַנגערע פרויען מיט קינדער״, האָט מען זיך אליין באַרואיקט. פאַר א גרויסער סומע געלט האָט מען געפונען א מענטש, וואָס האָט אַבראַשען אריבערגעפירט די גרענעץ. ס׳רעדט זיך זייער לייכט, אָבער פאַקטיש איז דאָס פאַרבונדן געווען מיט טויט־געפאַרן. מיט גאָטס הילף איז מיין מאַן אָנגעקומען בשלום קיין ליאָן. קיין סך געלט איז אים ניט פאַרבליבן און ער האָט דאָרט גענומען ליידן הונגער. דערצו איז די שטאָט א גרויסע און די געפאַר געכאַפּט צו ווערן, איז געווען זייער גרויס. צופעליק האָט אַבראַשע געטראָפן איינעם פון זיינע געוועזענע פּראָפעסאָרן, א קריסט, וואָס איז אַנטלאָפן פון עלזאַס. דער האָט אַבראַשען צונויפגעפירט מיט אַן אייגנטימער פון א דאָרפישער אַפּטייק. ער האָט מסכים געווען אויפצונעמען אים צו דער אַרבעט און אַבראַשע איז אַוועק אין דאָרף. ס׳איז אים דאָרט געווען ניט שלעכט, אָבער מיר זיינען געווען צעשיידט און קיין בריוו זיינען ניט געגאַנגען פון איין זאָנע אין דער צווייטער.

דערווייל האָב איך געבוירן א מיידעלע. פאַר דער צייט, וואָס כ׳בין געלעגן אין שפּיטאָל, האָט מען צוגענומען מיין עלטערן ברודער, יוסף, און דעפּאָרטירט אין לאַגער קאָמפּיען, א הונדערט קילאָמעטער פון פּאַריז. דאָרט איז ער קראַנק געוואָרן און מען האָט אים אריינגעלייגט אין שפּיטאָל. א פראַנצויזישע קראַנקן־שוועסטער האָט אים געהאָלפן צו אַנטלויפן און צוזאַמען מיטן ברודער, ישראל, און זייערע משפחות, האָבן זיי זיך אריבערגעשמוגלט אין דער ווישי־זאָנע.

דער מצב פון די יידן אין פאריז איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. מען האָט שוין אָנגעהויבן צו דעפּאָרטירן פרויען מיט קינדער, אָבער פּאָרלויפיק נאָר די, וועלכע זיינען ניט געווען קיין פראנצויזישע בירגער. מיר האָבן געהאט א גוטן פריינד, א קאָמיסאר אין דער פּרעפעקטור, וועלכער איז פארבליבן ארבעטן אויף זיין פּאָסטן אויך אונטער דער דייטשער אָקופּאציע. ער פלעגט מיר אָנזאָגן ווען ס׳האָט געדארפט פאָר־קומען א דעפּאָרטאציע, איך פלעג מודיע זיין מיינע באקאַנטע און זיי פלעגן זיך אויסבאהאלטן ביי מיר אין שטוב.



יאנקל חיימאָוויטש אין א לאגער אין פראנקרייך.

אין איינעם א שיינעם טאָג, איז דער קאָמיסאר געקומען און געוואָרנט, אז כ׳זאָל זיך אויסבאהאלטן מיט די קינדער, ווייל זיי גייען דעפּאָרטירן אויך די פראנצויזישע בירגער. וועגן אריבערשמוגלען זיך אין דער ווישי־זאָנע מיט צוויי קליינע קינדער האָט מען אפילו חלומען ניט געקענט. כ׳האָב זיך דערמאָנט, אז מיין עלטערע שוועסטער, פאני, מיט איר משפחה, וועלכע האָט געוווינט אין ריימס, ארום 160 קילאָמעטער פון פאריז, האָט

זיך ניט דעקלארירט אלס יידישע און האָט ניט געטראָגן קיין לאטע. האָבן מיר באשלאָסן, אז כ׳וועל די קינדער איבערלאָזן ביי איר, אריבערגיין אליין אין דער ווישי־זאָנע און נאָכן אָנקומען אהין, וועט זי די קינדער איבערשיקן מיט א קריסטין, אָנגעבנדיק, אז דאָס זיינען אירע קינדער.

זיינען די קינדער ביי פאנין, אָבער ווי גייט מען אריבער די גרענעץ? כ׳האָב באקומען דעם נאָמען פון א פראנצויזישן באן־אינזשענער, וואָס פירט אָפּט דעם דיפּלאָמאטישן צוג פאריז — ווישי. כ׳האָב אים אָפּגערופן אויפן טעלעפאָן און געבעטן באשטימען אן אָרט, פאר א באגעגעניש. ער האָט באשטימט אונדזער ״ראנדעוווּ״ אין מעטראָ, נאָר מיטן באדינג, אז כ׳וועל אראָפּנעמען די לאטע. ער קלערט אויף, אז ער איז א הייכער, דיקער מאן, וועט האלטן אין האנט א וואליזקעלע און כ׳זאָל צוגיין צו אים אָן קווענקלעניש, ווי צו א גוטן באקאנטן.

כ׳האָב מיטגענומען מיין קוזינקע, אראָפּגענומען די לאטעס און מיר זיינען אוועק. די קוזינקע האָט זיך געהאלטן ווייט פון מיר, מען זאָל אונדז ניט כאפּןביידע צוזאמען. כ׳האָב אים באלד דערקענט לויט די אָנגעגעבענע סימנים און דרייסט צוגעגאנגען, ווי מיר וואָלטן זיך שוין געקענט פון לאנג.

אויסגעהערט מיין פארלאנג, האָט ער אויסגעדריקט זיין הסכמה אריבערצופירן אונדז איבער דער גרענעץ. דערביי האָט ער דערציילט, אז ער פירט אריבער די מענטשן אין וואסער־רעזערוואר, וואָס איז צוגעטשעפּעט צום לאָקאָמאָטיוו. ווער האָט זיך געקענט פאָרשטעלן, אז אין דער שמאָלער רער קען מען אויסבאהאלטן מענטשן, אָבער די מענטשלעכע דערפינדערישקייט, בפרט אין אן עת־צרה, גרייכט זייער ווייט. ווי אזוי קומט מען אָבער צום גאראזש פון די לאָקאָמאָטיוון, ווען אלץ ארום איז באוואכט פון די דייטשן? כ׳האָב ווידער גענומען מיין קוזינקע און נאָך א באקאנטע פרוי, האלטנדיק זיך אונטער די הענט זיינען מיר אוועק ״שפּאצירן״. מיר האָבן געהאט מזל, דורך בשלום די וואך, און אומבאמערקט פון קיינעם, אריינגעכאפּט זיך אין גאראזש. אין געציילטע מינוטן זיינען מיר שוין געזעסן אינעווייניק אין קאלטן וואסער און קוים געקענט אָפּכאפּן דעם אָטעם.

ווען דער צוג האָט גערירט איז געוואָרן ווינציקער וואסער, מען האָט אביסל אָפּגעצויגן אין לאָקאָמאָטיוו אריין, האָבן מיר געקענט פרייער אָטעמען. ס׳איז דאָרט אויך געזעסן א פּאָרל עלטערע מענטשן און זיי האָבן זיך געפילט זייער שלעכט. כאָטש ס׳איז מיר געווען שווער אויפן הארצן, ס׳האָט געפּיקט אין קאָפּ א בייזע מחשבה צי וועל איך נאָך זען מיינע קינדער, האָב איך אָנגעהויבן צו זינגען און פארוויילן די מענטשן; דער אלטיטשקער האָט טאקע געזאָגט, אז איך זינג פאלש (ווי אמאָל אין לובטש אין כאָר פון בית־ספר), אָבער מען איז געווען צופרידן, אבי ניט טראכטן, אבי פארטומלען די געדאנקען.

נאָכן אָנקומען קיין ווישי האָט מען אונדז ארויסגענומען פונעם וואסער, געווארט ביז די קליידער האָבן זיך אויסגעטריקנט און יעדער איינער איז אוועק אין זיין וועג, צו זיין אייגענעם גורל. איך בין אוועק אין דאָרף צו אבראשען און א פּאָר טעג שפּעטער האָט א קריסטין אריבערגעפירט צו אונדזביידע קינדער. אין דאָרף האָט מען געוווּסט, אז מיר זיינען יידן, אָבער די פּשוטע דאָרפס־מענטשן, וועלכע האָבן פריער כמעט ניט געזען קיין יידן, זיינען ווייט געווען פון אנטיסעמיטיזם און מיר האָבן געלעבט צווישן זיי כמעט אָן שרעק. אבראשע האָט נאָך געבראכט צו אונדז זיינס א באקאנטע משפּחה, א דענטיסטין מיט איר מאן און זון, און א דאָקטאָרין, וועלכע האָט פארלאָרן איר מאן און קינד. אבראשע פלעגט ארומפאָרן איבער די דערפער און אונדז אלעמען באזאָרגט מיט שפּייז. אויך מיינע ברידער מיט זייערע משפּחות זיינען געווען נאָענט פון אונדז, אין די שכנותדיקע דערפער.

אזוי האָט עס געדויערט קרוב צו צוויי יאָר, ביז די דייטשן האָבן אָנגעהויבן צו באזעצן אויך די ווישי־זאָנע. ס׳איז געוואָרן אלץ ערגער און ערגער. ס׳האָבן זיך באוויזן אָנגעקלעפּטע צעטעלעך, אז אין אפּטייק ארבעט א ייד און ס׳וווינען דאָ יידן. די פראנצויזן האָבן גענומען זוכן פאר אונדז א באהעלטעניש. אונדזער עלטערן זון, זשעראלד, האָט א גלח צוגענומען אין א סעמינאר; כ׳האָב אים אָנגעזאָגט, אז אויב מען וועט אונדז כאַפּן און דעפּאָרטירן, זאָל ער געדענקען, אז ער איז א ייד און ער האָט צוגעזאָגט צו בלייבן א ייד. צוויי פראנצויזינס האָבן אונדז

אוועקגעגעבן א בוידעם אין א ניט באוווינט וואלד־הייזל. בייטאָג פלעגן מיר זיך באַהאלטן אין וואלד און ביינאכט פלעגן מיר קומען שלאָפן אויפן בוידעם. מיין מיידעלע, דעמאָלט 2½ יאָר אלט, האָט מען אויסגעלערנט, אז מען טאָר ניט זאָגן אונדזער נאָמען; אפילו א צייט נאָך דער מלחמה, פלעגט זי כסדר פרעגן: ״איצטער מעג מען שוין זאָגן אונדזער נאָמען?״

אין 1944־סטן יאָר האָט מען צוגענומען מיין ברודער יוסף, מיט זיין פרוי ראַשעל אוןביידע טעכטער, ז׳אני און ניקאָל. מער האָבן מיר זיי שוין ניט געזען, נאָר זייערע פאָטאָגראַפיעס זיינען געבליבן און דער אייביקער ניט געשטילטער צער אין מיין הארצן.

# ליובע מאירסאָן־קאָוואלסקי



מיין פאָטער, ר׳ חיים מאירסאָן, איז געקומען קיין לובטש פון דער וואָלאָזשינער ישיבה און ער איז אויך גוט באהאוונט געווען אין וועלט־לעכע וויסנשאפטן און ליטעראטור.

מיין מוטער, פייגל, האָט געשטאמט פון א רבנישער משפחה. איך געדענק, אז ווען מיין זיידע, ר׳ משה ראבינאָוויטש, איז געשטאָרבן, האָבן שכנים געבראכט קראנקע קינדער און זיי געגלעט מיט זיין האנט,



ליובע מאירסאָן־קאָוואלסקי, מיטן קינד און עלטערן.

אזוי שטארק האָט מען געגלויבט אין זיין פרומקייט. מיין מאמע איז געווען אן איידעלע און גוט־הארציקע פרוי, האָט אלעמען באהאנדלט מיט כבוד און פריינדלעכקייט, אָן אונטערשייד צי ס׳איז געווען א ייד אָדער א קריסט. צו טאָן עמיצן א טובה איז זי שטענדיק גרייט געווען.

פון מיין טאטן האָב איך אין מיינע קינדער־יאָרן געלערנט, אז אלע מענטשן זיינען גלייך, ס׳איז בכלל ניט וויכטיק זייער געזעלשאַפט־לעכער מעמד, אז מען דאַרף זיך ניט שעמען מיט א מלאכה, אבי גאָר, מען איז אן ערלעכער מענטש.

כ׳דערמאָן דאָ די עלטערן, ווייל מיינע געדאנקען פירן מיך צוריק צום געטאָ אין נאָוואָגרודעק, ווו כ׳האָב זיך געפונען אין 1941־סטן יאָר, צוזאַמען מיט זיי און מיין זעקס יאָריק מיידעלע, פרומעלע.

כ׳וועל אייביק געדענקען די לעצטע ווערטער פון מיין טאטן, ווען מען האָט אים אוועקגעפירט צו דער שחיטה, צוזאַמען מיט נאָך פינף טויזנט יידן פון נאָוואָגרודעק:

"ניט באַשערט צו האָבן נחת פון אזא גרויסן אייניקל". אין זיינע אויגן האָבן זיך געפערלט טרערן, ער האָט זיי שנעל אָפּגעווישט און איז אוועק זיין לעצטן וועג.

א דאנק דער טיפער פריינדשאַפט, וואָס האָט פאַרבונדן מיינע עלטערן אויך מיט קריסטן, איז מיר געלונגען צו ראַטעווען מיין קינד. כ׳האָב זי איבערגעלאָזט ביי זייערע גוטע פריינד, די פוילישע משפחה ראָסטקאָווסקי, אויף א כוטאָר ביי דעלאַטיטש. מיין קינד האָט גערעדט נאָר יידיש און זיי האָבן ריזיקירט מיט זייער אייגענעם לעבן אויף צו ראַטעווען א יידיש קינד. זי איז ביי זיי געווען $2\frac{1}{2}$ יאָר, ביז צו דער באַפרייונג.

איך אליין האָב זיך געראַטעוועט, ווייל בעת דער שחיטה אין 1941, האָב איך געאַרבעט אלס אַפּטייקערין אין נאָוואָגרודקער שפּיטאָל. די דייטשן האָבן צייטווייליק איבערגעלאָזט דעם מעדיצינישן פּערסאָנאַל. מיר האָבן געאַרבעט אין שפּיטאָל און דאָרט פלעגן זיי אונדז פאַרשליסן אין די נעכט. ס׳איז פאַקטיש געווען א מין געטאָ, פון וועלכן מיר האָבן ניט געטאָרט ארויסגיין. ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט, אז מען גרייט זיך צו פאַרענדיקן מיט אונדז, זיינען מיר ביינאַכט אַנטלאָפן דורך די פענצטער פון שפּיטאָל. מיר האָבן דערגרייכט צו די פאַרטיזאַנער אין נאַליבאָקער פּושטשע און דאָרט טאַקע דערלעבט דעם טאָג פון באַפרייאונג.

ישראל סלאָנימסקי

# בלעטלעך פונעם פלאם...

דעם ערשטן סעפּטעמבער, 1939, האָט זיך אָנגעהויבן די בראַנדיקע שריפה, אין וועלכער ס'איז אוועק אין פלאַמען אַלץ, וואָס איז פאַר אונדז אויטענטיש געווען מיט די באַגריפן: היים, גליק און צוקונפט.

מיט שרעק אין הארצן, האָבן מיר אָפּגעוואַרט דעם אָנקום פון די דייטשן, וועלכע האָבן פאַרנומען פּוילן. אין די נעכט איז מען געשלאָפן אין די זאַכן, אפשר וועט מען דאַרפן לויפן זוכן אַ באַהעלטעניש. אַזוי זיינען אַריבער זיבעצן טעג און פּלוצלינג האָט אָנגעיאָגט אַ ידיעה, אַז די רויטע־אַרמיי דערנעענטערט זיך. מיר האָבן זיך געפרייט, אַז מען איז פּטור געוואָרן פון דער שרעק, אַריינצופאַלן אין די דייטשע נעגל.

זיינען אַריבער עטלעכע וואָכן און די פרייד איז פאַרשטערט געוואָרן. די רוסן האָבן צוגענומען דעם גאַנצן פאַרמעגן אונדזערן, אויף די קרעמער אַרויפגעלייגט אַזעלכע הייכע שטייערן, אַז ס'איז ניט מעגלעך געווען צו צאָלן. מען האָט די רייכע מענטשן פאַרשיקט קיין סיביר און אַרכאַנגעלסק, די וועלכע זיינען ניט פאַרשיקט געוואָרן האָבן געלעבט אין שרעק, אַז מען וועט קומען ביינאַכט, אַרויסשלעפּן פון בעט און אַוועקשיקן אויף קאַטאָרזשנער אַרבעט, אויפן ווייטן צפון.

ביי מיר האָט מען נאַציאָנאַליזירט מיין וואַפּנע־בריצנעריי און אויף מיין קראָם האָט מען אַרויפגעלייגט אַזאַ שטייער, אַז ס'איז מיר גאָרניט געבליבן. כ'בין אוועק אַרבעטן אויף די פּליטן, אַבי מען זאָל מיר כאָטש לאָזן זיצן אויף אָן אָרט. אָבער מיר האָבן נאָך דעמאָלט ניט באַגריפן, אַז צו רשעות און אומגליקן איז ניטאָ קיין גרענעץ און ס'קען נאָך טויזנטער מאָל ערגער זיין, ווען דער דייטשער משחית וועט באַקומען די שליטה אויף אונדז.

זונטיק, דעם 22־סטן יוני, 1941, אין די פרימאָרגן שעה'ן, האָבן געגומען לויפן צוריק פון לובטשער מאַרק, די דעלאַטיטשער גויים און אויך פּויערים פון די אַרומיקע דערפער. פאַרכליניעטע פון שמחה האָבן

זיי דערציילט, אז זיי האָבן דאָרט געהערט אין ראדיאָ, אז די דייטשן זיינען באפאלן רוסלאנד, אז דייטשע עראָפּלאנען האָבן שוין באָמבארדירט לידע, נאָוואָרעדאָק און בּאראנאָוויטש. פארנאכט זיינען דערגאנגען ידיעות, אז דייטשע דעסאנטן באַשיסן שוין די וועגן, וועלכע פירן קיין רוסלאנד, אז די געוועזענע פּויליש־רוסישע גרענעץ קענען אריבער נאָר די מענטשן פון מלוכה־אפאראט, וועלכע זיינען געקומען אויף ארבעט אין אונדזערע געגנטן. וווהין לויפט מען ?... פון דער פרעסע און פון די פליטים האָבן מיר שוין געוווסט, אז די דייטשן פארשפארן די יידן אין געטאָס, מאָרדן אויס גאנצע יידישע קהילות. אָבער וואָס קענען מיר טאָן, אויסער אָפּוואַרטן דעם פינצטערן גורל אונדזערן.

שבת, דעם 28־טן יוני, האָבן זיך הונדערטער פויערים פון דער גאנצער געגנט געלאָזט מיט פורן קיין לובטש. דאָס זיינען זיי מיט דער דערלויבעניש פון די דייטשן געפאָרן רויבן דעם פארמעגן פון די לובטשער יידן. נאָך האלבן טאָג זיינען זיי געפאָרן צוריק מיט פול אָנגעלאָדענע וועגענער: מעבל, ניי־מאַשינעס, בעטגעוואנט, קליידער, טעפלעך, גלאָז־ווארג, קי און אפילו עופות, אלץ וואָס זייערע חזירשע אפעטיטן האָט זיך נאָר פארגלוסט. די לובטשער גויים האָבן זיך קעגנגעשטעלט, ניט חלילה צו באשיצן די יידן, נאָר ווייל דער רויב געהערט צו זיי, האָט מען זיך געשלאָגן מיט אייזנס. פאָרן אנדערע גויים מיט צעשפּאָלטענע קעפּ, די הזירשע יוכע האָט פארגאָסן די טריפה׳נע פרצופים, אָבער זיי זיינען גליקלעך, די פורן מיט גוטס וועלן שוין פאר אלץ פארגיטיקן.

דעלאטיטשער באקאנטע גויים, כלומרשט גוטע שכנים, קומען אריין צו די יידן און דערציילן, אז מאָרגן וועט מען טאָן דאָס זעלבע מיט אונדז. זיי גיבן אונדז עצות, צו פארפאקן די בעסערע זאכן און אוועקגעבן צו זיי: ״היינט דארפסטו דאָס סייווי ניט מער. מאָרגן וועט מען דאָס ביי דיר צונעמען. גיב עס אריין צו מיר און ווען דו וועסט דארפן וועל איך צוריקגעבן״. יעדער וואָרט זייערער שטעכט דורך אונדזערע הערצער, ווי מיט א שפּיז.

זיי האָבן ניט געקענט זיך דערוואַרטן אויף זונטיק. נאָך דעם זעלבן שבת־צו־נאכט זיינען זיי אונדז באפאלן. אויסגעהאקט אלע שויבן,

צעבראָכן די טירן, פארטריבן אלעמען צום ניעמאן און אויסגערויבט אלץ, וואָס האָט נאָר געהאט א ווערט, און דאָס וואָס איז פאר זיי געווען ווערטלאָז האָבן זיי צעבראָכן און חרוב געמאכט. דעם אלטן ר׳ ביינ׳יש ליס, האָבן זיי דערלאנגט מיט א רידל איבערן קאָפּ, מיין טאטע, פייוועל דער בעקער האָט געקראָגן מיט א האק איבערן פלייצע.

צוויי טעג האָבן מיר זיך אויסבאהאלטן צווישן די קוסטעס, ביים ברעג פון טייך. אויפן דריטן טאָג האָט דער הונגער גענומען דריקן, האָבן מיר זיך געלאָזט גיין צוריק צו אונדזערע הייזער. פאר די צוויי טעג האָבן זיי אביסל געשטילט זייערע בלוטיקע אינסטינקטן. זיי האָבן אונדז באגעגנט מיט א געשריי: ״איצטער, זשידקעס, פעלט אונדז נאָר פויגל־מילך!״ אייניקע עלטערע קריסטן האָבן באהאלטענערהייט געבראכט ברויט, מעל, א קריגל מילך אָבער ווו נעמט מען א טעפּל, א לעפל, אז אלץ איז אויסגערויבט אָדער צעבראָכן. דעם בית־מדרש האָבן זיי פאר־שמוצט מיט מיסט, צעבראָכן די פענצטער, אראָפּגענומען די טירן, צעריסן די ספרי־תורה און אויפגעהאָנגען זיי אויף דיביימער.

מיט א פּאָר טעג שפּעטער זיינען געקומען די דייטשן. זיי האָבן נאָמינירט די פּאָליציי און פארעפנטלעכט א באפעל, אז יידן מוזן טראָגן געלע מגן־דודס אויפן הארצן און אויפן פלייצע; אז יידן טאָרן ניט ארויס פון שטעטל אָן א דערלויבעניש, ווער ס׳וועט ניט אויספירן דעם באפעל, וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט. ר׳ יעקב באקשט, הי״ד, איז דער ערשטער ארויס אין דרויסן מיטן געלן מגן־דוד. די פרייד און התלהבות פון די גויים איז געווען אין לשער.

די גויים האָבן אונדז גענומען טרייבן צו דער ארבעט אין דעלא־טיטשער גוט. מיר האָבן דאָרט געגראָבן קארטאָפל, בוריקעס, דערביי אויך באקומען קלעפּ פון די נייע באלעבאטים אונדזערע. זיי זיינען אויך געוואָרן די באלעבאטים איבער אונדזערע הייזער. מיר האָבן אלץ גענומען פאר ליב, ווייל דאָס הארץ האָט אונדז געזאָגט, אז ס׳וועט נאָך זיין א סך ערגער.

נאָך איידער מען האָט פארשפּארט די יידן אין לובטשער געטאָ, האָט מען דאָרט אָפּגעקליבן 150 יונגע יידן, און אוועקגעשיקט זיי אין אן

ארבעטס־לאגער ביי דוואַרעץ. מיין שוואָגער אברהם קיוואָוויטש, ווי אויך שעפסל, איטשע קושנערס זון, און שמעיה, שרה־עלקעס און איניקל, זיינען געווען אין דער דאָזיקער גרופּע.

איך האָב געאַרבעט אין ווערעסקאָווער גוט. מיט מיר צוזאַמען האָבן דאָרט געאַרבעט וועלוול יאַנקעלעוויטש, ירחמיאל, שרה־עלקעס און איניקל. ווי אויך מיין שוואָגער משה־אהרון און מיינע ביידע שוואָגערס, נאָטע און יעקב. מיר פלעגן דאָרט אויך שלאָפן. ווען מען האָט די דעלאַטיטשער יידן פאַרטריבן אין לובטשער געטאָ, פלעג איך א גאַנצע וואָך אַרבעטן אין ווערעסקאָווע, אויף שבת פלעגט מען אונדז לאָזן גיין, צו דער משפחה אין לובטש. אַזוי־ווי כ׳האָב געאַרבעט ביי די קי, פלעג איך דאָנערשטיק ביינאַכט אַריינגיין אין שטאַל, אויסמעלקן די קי און צוגרייטן א פּאָר פלעשער מילך. אַזוי־אַרום פלעג איך אַריינשמוגלען אין געטאָ א ביסל מילך, וואָס מיין ווייב פלעגט צעטיילן פאַר קליינע קינדער. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אַזא "פאַרברעכן" האָט געקומט טויט־שטראָף.

נאָך איידער מען האָט אונדז פאַרשפּאַרט אין געטאָ, פלעגן קומען אין לובטש לאַסט־אויטאָס מיט געסטאַפּאָווצעס, זיי פלעגן כאַפּן יונגע מענטשן, כלומרשט אויף אַרבעט, נאָכער פלעגט מען זיי אוועקפירן הינטערן שטעטל און צעשיסן. אַז מען האָט זיך דערוווּסט וועגן דעם, איז מען שוין געווען פאָרזיכטיקער, ווי ס׳האָט נאָר אָנגעהויבן צו טאָגן, פלעגן די מענער אַנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן, איבערן טאָג, אין די פעלדער. אָבער וועגן אַנטלויפן אין די וועלדער און זיך ראַטעווען פונעם דייטש, האָט קיינער ניט געטראַכט; מען האָט אַלץ געגלייבט, אַז מען וועט ווי ס׳איז איבערלעבן די שונאים, דערצו האָט מען ניט געוואָלט זיך שיידן מיט די משפחות.

מיטן אַריינגיין אין געטאָ האָט זיך דער מצב געענדערט צום ערגערן. ס׳איז שוין שווער געוואָרן צו אַנטלויפן. די ידיעות וועלכע זיינען דער־גאַנגען צו אונדז, וועגן די שחיטות אין די אַרומיקע געטאָס, האָבן אַלעמען פולשטענדיק צעבראָכן. אין נאָווארעדאָק האָבן זיי אין די ערשטע טעג פון חודש אָב, תש״א, צונויפגענומען 52 יידן, אויסגעשטעלט זיי אין א ריי אינמיטן גאַס און יעדן צעטן מענטש דערשאָסן; די "ציילונג" האָט זיך

כסדר איבערגעהזרט, ביז מען האָט פארענדיקט מיטן לעצטן ייד. דערביי האָט אן אָרקעסטער געשפילט פריילעכע מארשן. נאכער האָט מען געשיקט יידישע פרויען, זיי זאָלן אָפוואשן דאָס בלוט פון די ברוק־שטיינער.

מיר האָבן אָנגעהויבן אָפריכטן תעניתים — דעם אלטן יידישן מיטל קעגן גזירות. צוויי מאָל א וואָך פלעגן מיר פאסטן, אפילו קליינע קינדער האָבן געפאסט. אָבער קיין נס איז ניט געשען, די שערי־הרחמים פון הימל, זיינען געבליבן פארמאכט פאר אונדז.

אין לובטשער געטאָ זיינען אויך פארשפארט געוואָרן די יידן פון דעלאַטיטש, ניישטאט (נעגניעוויטש) און די יישובניקעס פון די ארומיקע דערפער. בראש פונעם געטאָ זיינען באשטימט געוואָרן חיים ברוק פון לובטש און בערל יאַנקעלעוויטש פון דעלאטיטש. די גזירות האָבן זיך געשאָטן אָן אויפהער: צוערשט האָבן מיר געמוזט אָפגעבן דאָס גאנצע געלט, צירונג, ווערטפולע זאכן און דאָס ווינציקע מעבל, וואָס איז פארבליבן נאָך דער רויבעריי פון די גויים. פאר יעדער קלייניקייט האָט מען ארויפגעלייגט שווערע געלט־שטראָפן. מען האָט צו דער מינוט געמוזט צושטעלן אלץ, וואָס ס׳האָט זיך זיי פארגלוסט. די בעלי־מלאכות: שניידער, שוסטער א.א. האָבן געמוזט ארבעטן פאר די דייטשן און פאר דער אָרטיקער פאָליציי. אליין איז מען געווען כמעט נאקעט און באָרוועס. ווער ס׳האָט באוויזן עפעס צי באגראָבן אין דער ערד, האָט ריזיקירט מיטן לעבן און ארויסגעקראָכן פון געטאָ, צו אויסבייטן דאָס ביי א גוי פאר א שטיקל ברויט, אויף צו דערהאלטן די קינדער ביים לעבן.

מיר האָבן געוווינט אין הויז פון טעוול, דער שוסטער, דרייסיק מענטשן אין איין צימער, מען איז געלעגן קאָפּ אויף קאָפּ. די מענטשן זיינען ממש צעפרעסן געוואָרן פון לייז און ווערים, אָבער ביזן לעצטן מאָמענט האָט מען זיך ניט איינגעבראָכן און ניט פארלוירן דעם בטחון, אז ס׳וועט קומען א ישועה.

אין געטאָ האָט אויך געלעבט דעם לובטשער רבס טאָכטער, יענטע, מיט איר מאן, ד״ר ראבינאָוויטש פון באראנאָוויטש. דער לובטשער רב איז געשטאָרבן א קורצע צייט פריער, און די רביצין האָט זיך געפונען אין נאָווארעדקער געטאָ. א געוויסן טאָג האָט די רביצין מודיע געווען

יענטען, אז די מערדער זיינען ארויסגעפאָרן אין דער ריכטונג פון לובטש און מען זאָל זיין אויף דער וואך. דערהערט די ״בשורה״, האָבן מיר אלע געזאָגט וידוי און געוואַרט אויפן טויט. ביז היינט קען איך ניט באגרייפן, פארוואָס מיר האָבן אין יענעם טאָג ניט פּרובירט צו אנטלויפן פון געטאָ, ווי עפּעס א געהיימער כוח וואָלט אונדז דערפון אָפּגעהאלטן, כאָטש ארום אונדז, ממש מיטן האנט צו דערלאנגען, זיינען געווען געדיכטע וועלדער און אויסזיכטן צו ראטעווען זיך. עס זיינען אריבער א פּאָר טעג אין דערוואַרטונג אויפן טויט, און די מערדער זיינען ניט געקומען.

אגב, וויל איך דאָ דערמאָנען, אז ווען מען האָט מיט א קורצער צייט שפּעטער, בעת דער שחיטה, געבראַכט צום גרוב יענטען מיט איר מאַן, האָט ד״ר ראבינאָוויטש אויסגעשריען צו די דייטשן, אז דער טאָג פון נקמה וועט זיכער קומען, צוזאַמען מיט זייער משוגענעם פירער, וועלן זיי טייער באצאָלן פאר די פארברעכנס. ער האָט ארומגענומען יענטען, איר א קוש געגעבן, און אזוי זיינען זיי ביידע אריינגעפאלן אין גרוב.

א פּאָר טעג נאָך פּסח, 1942, זיינען געקומען אין געטאָ צוויי געסטאַפּאָווצעס. זיי האָבן ארויסגענומען נפתלי׳ס זון, אברהם אלפּערשטיין, יצחק ראָזענבלומען און חיים ברוקן. מען האָט זיי ארויסגעפירט פון שטוב און אויפן אָרט דערשאָסן. חיים ברוק האָט נאָך באוויזן צו אנטלויפן ביז שרה־אסתרס הויף, אָבער זיי האָבן אים אָנגעיאָגט און דערשאָסן. מיר זיינען געבליבן ווי שאָף אָן א פּאסטעך, ווייל חיים ברוק, מיט זיין אויטאָ־ריטעט, חכמה און וויסן, האָט אונדז שטענדיק געטרייסט, צוגעגעבן מוט און בטחון.

פון נאָוואָרעדאָק איז אָנגעקומען א באפעל, אריבערצושיקן אהין פון לובטשער געטאָ הונדערט פּאכלייט. איך מיטן שוואָגער, נאָטע, און ברוך־מרדכי קרולעוועצקי, זיינען אריינגעפאלן אין דעם טראנספּאָרט. מיט א שרעקלעכן געוויין האָבן מיר זיך געזעגנט מיט אונדזערע משפחות. מיר האָבן געפילט, אז מער וועלן מיר זיך ניט זען. אָבער מיין ווייב האָט ניט געלאָזט רוען דעם ״יודענראַט״, ביז זיי האָבן אויסגעפועלט, אז מען זאָל איר מיט די קינדער אריבערפירן אין נאָוואָרעדקער געטאָ.

600 ארבעט־פעאיקע יידן פון לובטש האָט מען אריבערגעפירט קיין

וואַראַביעוויטש, צו שטשערבען אין שייער. צווישן זיי זיינען געווען אויך דעלאַטיטשער יידן פון וועלכע איך געדענק: ר׳ יעקב באקשט מיט זיין טאָכטער, נעכע, ר׳ ביינוש מיט זיין משפּחה, בערל מיט פייען, וועלוול יאנקעלעוויטש, חיה־זעלדע, מיין שוואער משה־אהרן מיטן זון, יעקב, און זיין פרוי מיט צוויי קינדער. מען האָט זיי פארזיכערט, אז זיי וועלן ארבעטן ביים אויסלייגן וועגן און זיי וועלן אלע בלייבן לעבן. קיין איינער פון זיי איז ניט געבליבן, א טייל האָט מען פארברענט לעבעדיקערהייט, א טייל האָט מען צעשאָסן ביי דער גרויסער גרוב, הארט ביים וועג לובטש — נאָווארעדאָק. גרשון קאפּושטשעווסקי האָט פּרובירט אנטלויפן, זיי האָבן אים נאָכגעשאָסן, א פארוווּנדעטער איז ער אריינגעפאלן אין טייכל און דערטרונקען געוואָרן.

אין נאָווארעדקער געטאָ זיינען אויך געווען דעלאַטיטשער יידן: מיין טאטע ר׳ פייווע, מיין שוואָגער אברהמ׳ל מיטן זון, בנימין, דער שוחט, יוסף, מיט זיין משפּחה, גאָלדע קרולעווצקי מיט די קינדער, משה סאָנצעס מיט דער יינגערער טאָכטער.

אין לובטשער געטאָ זיינען פארבליבן דער עיקר אלטע פרויען און קליינע קינדער, צווישן זיי אויך מיין מאמע, פייגל, מיין שוועסטער, איטקע־טוליע מיט אירע דריי קינדער. מען האָט זיי אלע אומגעבראכט אין פּאָדליפּקע, 24 טעג אין חודש אָב, צוזאמען מיט די לעצטע 275 לובטשער יידן. דעם טאָג האָט מען אויך ליקווידירט די יידן אין וואַראַביעוויטש און צוויי טויזנט יידן אין נאָווארעדאָק.

נאָכן אָנקומען אין נאָווארעדקער געטאָ, האָט מען אונדז אריינגעזעצט אין אן אלטער שטוב, מיט א צעבראָכענעם, פארפוילטן דאך. ביים קלענסטן רעגן פלעגן מיר ווערן נאס. צוזאמען מיט מיין פרוי און זון פלעגן מיר יעדן טאָג, אונטער א וואך פון דער אָרטיקער פּאָליציי, גיין א מרחק פון זיבן קילאָמעטער צו דער ארבעט, ביים ברוקירן די וועגן. א גאנצן טאָג פלעגן מיר שלעפּן שווערע שטיינער, טאטשקעס מיט זאמד און אָנגעהאקטע שטיינדלעך. פאר פארשפּעטיקן צו דער ארבעט פלעגט מען באפעלן זיך לייגן אויף דער ערד, און מיט א נאהייקע פלעגט מען שמייסן ביז צום טויט. פינף אזייגער פארנאכט פלעגט אונדז די פּאָליציי פירן צוריק אין

געטאָ. אויפן וועג פלעגן זיי פון אונדז חוזק מאכן, שמייסן מיט נאַהייקעס, אָדער גאָר נעמען שיסן לשם פארווײַלונג, איבערלאָזנדיק ליגן טויטע און שווער־פארוואונדעטע. די ארבעטנדיקע האָבן באקומען 120 גראַם ברויט א טאָג. די וועלכע האָבן ניט געארבעט, האָבן גאָרניט באקומען. מײַן טאָכטער רחלע איז נאָך געווען צו קליין און האָט ניט געארבעט.

איין טאָג האָט מען אוועקגעשיקט א גרופע יידן אויף ארבעט קיין מינסק, אויך מײַן שוואָגער, נאָטע, איז ארײַנגעפאלן אין דער גרופע און דאָרט איז ער אומגעקומען.

ס׳איז געקומען דער טאָג פון דער שחיטה אין נאָווארעדאָק:

יענעם טאָג זײַנען מיר, ווי שטענדיק, אוועק צו דער ארבעט און איבערגעלאָזט רחלען אין געטאָ. פלוצלינג האָט מען ביי דער ארבעט, ס׳איז געווען אין שטאָט גופא, געגומען ריידן, אז ס׳וועט דעם טאָג זײַן אן אקציע. האָב איך זיך ארויסגעדרייט פון דער ארבעט און אוועק אין געטאָ. כ׳האָב גענומען רחלען און זיך געלאָזט ארויסגיין פון געטאָ. ביים טויער האָט אונדז פארהאלטן א יידישער געטאָ־פאָליציאַנט און באפוילן איבער־צולאָזן רחלען אין געטאָ. נאָך לאנגע תחנונים, האָט ער זיך געמאכט ניט זעענדיק, כ׳בין ארויס מיט רחלען און געבראכט זי אויפן ארבעטס־פלאַץ.

ס׳איז געוואָרן א טומל, אז דער פאַר־ארבעטער רעגיסטרירט פאכלייט. כ׳האָב זיך דערשטופט צו אים און פארשריבן זיך אלס פאכמאן. נאכער האָט מען אונדז פארטריבן אויף א הויף און ווידער גענומען רעגיסטרירן, אָבער שוין פאר אן אַפּצאָל. אז די שטופעניש איז געוואָרן גרויס האָט א פאָליציאַנט, א נאָווארעדקער טאָטער, אָנגעהויבן צו שלאָגן מיט א לעדערנער בייטש. צום סוף האָט מען אלעמען אָפּגעפירט צו די קאָשארן. דאָרט זײַנען ארויס באוואָפנטע דייטשן און פון א רשימה אויסגערופן די נעמען פון 200 מענער. נאָכדעם האָבן זיי צו די איבעריקע מענטשן גענומען שרייען: ״פערפלוכטע יודן, צוריק צו דער ארבייט!״.

מיר האָבן שוין פארשטאנען, וואָס ס׳דערוואַרט אונדז און זיך געלאָזט לויפן אין די קאָרן־פעלדער. כ׳האָב גענומען מײַן פרוי מיט די קינדער, מײַן שוואָגער אברהמ׳ל מיטן זון, און מיר זײַנען אוועק צו אונדזער

ווינונג אין געטאָ, ווו מיר האָבן מיט א פּאָר וואָכן פריער אנטדעקט א גוט פארמאסקירטע באהעלטעניש.

ווי־נאָר מיר האָבן דערהערט די ערשטע שיסערייען אין געטאָ זיינען מיר אריין אין א שאפע, אויפגעהייבן א דעקל און פון דאָרט אריין אין דער באהעלטעניש און צוריק פארמאכט מיטן דעקל. אויך מיין טאטע איז געווען מיט אונדז, אָבער ס'האָט אים געשטיקט און ער האָט אָנגעהויבן צו הוסטן זייער שטארק. האָבן מיר אים געבעטן ארויסגיין און זיך באהאלטן אויפן בוידעם, ווייל צוליב אים וועלן מיר אלע זיכער אומ־קומען. דער טאטע האָט גוט פארשטאנען דעם מצב, איז ער ארויס פון סכראָן, ארויפגעקראָכן אויפן בוידעם און ארויפגענומען דעם לייטער. דריי טעג איז ער דאָרט געלעגן און מען האָט אים ניט געפונען. אויפן פערטן טאָג האָט מען געבראכט אין געטאָ די אָפּגעקליבענע 200 פאכלייט, זיי זאָלן פאנאנדערנעמען די צוים פון געטאָ און ארומצוימען א נייע. אז מיין טאטע האָט דערזען ווי יידן גייען פריי ארום אין געטאָ, איז ער אראָפּ פון בוידעם. כ'עןן האָט אים באלד געכאפּט און אוועקגעפירט.

פון אינדזער באהעלטעניש ארויס האָבן מיר געזען, ווי מען האָט די יידן ארויסגעטריבן פון די הייזער און זיי באפוילן זיך לייגן אויף דער ערד, מיטן פּנים אראָפּ. די פּאָליציאנטן האָבן געשריען: "דאוואי טשאסי, דאוואי זאָלאָטאָ!" (גיב זייגערס, גיב גאָלד!). ווען ס'איז געוואָרן פינצטער, זיינען געקומען לאסט־אויטאָס אין מען האָט אלעמען ארויפגעטריבן אויף די אויטאָס. ווער ס'איז אזוי גיך ניט ארויף, האָט מען דערשאָסן אויפן אָרט. די יידישע געטאָ־פּאָליציי האָט ארויסגעטראָגן די קראנקע, אָבער ווען זיי האָבן פארענדיקט האָט מען זיי פארשפּארט, אין זעלבן הויז ווו ס'איז געווען אונדזער באהעלטעניש. נאָכדעם האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז געפאלן א באפעל: "ראוס!". מען האָט זיי ארויפ־געפאקט אויף א לאסט־אויטאָ און אוועקגעפירט. מען האָט אויך אויפ־געדעקט באהעלטענישן און ארויסגעשלעפּט פון דאָרט די מענטשן. איבער צוויי טויזנט יידן זיינען געכאפּט אין דערמאָרדעט געוואָרן, אין דעם ברודער־קבר אויפן שעליובער וועג, נעבן הויז פון די היצלעס.

ליגנדיק אזוי אין באהעלטעניש האָבן מיר דערהערט, ווי ס'עפנט זיך

די טיר פון שטוב און ס׳קומען אריין צוויי יידן פון די פאכלייט. זיי האָבן עפּעס געזוכט איבער די צימערן; מיר הערן ווי איינער פרעגט ביים צווייטן: ״נו, געפונען עפּעס צום קייען?״ זיך איבערצייגט, אז דאָס זיינען יידן, האָבן מיר באשלאָסן פרעגן זיי, צי ס׳איז דאָ א מעגלעכקייט ארויסצוגיין פון באהעלטעניש. דערהערט אונדזערע שטימען, איז איינער צוגעקומען צום שאַפע און א זאָג געטאָן הויך אויפן קול: ״זיצט! גייט ניט ארויס! כ׳וועל ריידן מיטן פוילישן קאָמענדאנט, ער איז מיינער א פריינד; ווען ער וועט דאָ קומען און אויסרופן, אז יעווונאָוויטש האָט אים געשיקט, זאָלט איר ארויסגיין פון אייער באהעלטעניש״.

זיינען אריבער א פּאָר טעג און קיינער איז ניט געקומען. אויפן פינפטן טאָג האָט רחלע באקומען א היסטעריע־אטאַק. זי האָט גענומען ווילד לאכן און מען האָט זי בשום אופן ניט געקענט בארואיקן; מען האָט שוין געוואָלט ארויפלייגן אויף איר קאָפּ די זאכן און דערשטיקן, אָבער דאָ איז מיין פרוי איינגעפאלן א געדאנק, זי האָט זיך איינגעביסן מיט די ציין אין איר לייב ביז בלוט; דאָס האָט זי תיכף בארואיקט.

ערשט אויפן זיבעטן טאָג איז געקומען דער קאָמענדאנט און האָט אויסגעשריען אויף פויליש: ״גייט ארויס, יעווונאָוויטש האָט מיך געשיקט!״

מיר זיינען ארויס פון ״סכראָן״, ווי שיכורע פון שוואכקייט. דער קאָמענדאנט האָט געפאָדערט טויזנט רובל פאר אריינפירן אונדז אין קליינעם געטאָ. מיר האָבן אים געגעבן די פארלאנגטע סומע און ער האָט אונדז געבראכט אין געטאָ אריין. מיר האָבן זיך דאָרט אויסבאהאלטן עטלעכע טעג און נאכער ארויס אויף פרעמדע נעמען, אויפן אָרט פון די, וועלכע זיינען אנטלאָפן פון געטאָ.

מיר האָבן זיך דערוווסט די ביטערע בשורה, אז מיר האָבן שוין ניט מער קיינעם סיי אין לובטש און סיי אין וואָראָביעוויטש. מיט א פּאָר טעג שפּעטער האָט מען דערשאָסן מיין טאטן, וואָס איז די גאנצע צייט געווען אין ארעסט, ווי אויך יוסף קאגאנען מיט סימקען און זייערע צוויי קליינע קינדער. ווען מען האָט זיי געפירט פארביי דעם געטאָ האָבן זיי געשריען צו אונדז: ״יידן, נעמט נקמה פאר אונדזער בלוט!״

מיר האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון געטאָ; כ׳האָב זיך צונויפ־גערעדט וועגן דעם מיט די יידן פון אונדזער צימער: אַברהם לין, איטשע פלאַראַנס, דער באַראַנאָוויטשער, און ראַבינאָוויטש. מיר האָבן פאַר אַן אָנצוג באַקומען פופצן קילאָ מעל, אַריינגעשמוגלט דאָס אין געטאָ און אויסגעבאַקט ברויט — צידה לדרך. אברהם לין האָט ביי דער אַרבעט געגנבעט אַ ביקס מיט זעכצן קוילן און געבראַכט אין געטאָ אַריין.

אינעם באַשטימטן טאָג איז מיין זון ניט אַרויס צו דער אַרבעט, ווייל ער פלעגט קומען צוריק זייער שפּעט. דער דייטש, וואָס פלעגט קומען נעמען צו דער אַרבעט, איז געקומען אים זוכן. מיין פרוי האָט אים געזאָגט, אַז ער איז גאַנץ פרי אַוועק צו דער אַרבעט און מער ווייסט זי גאָרניט. דער דייטש האָט געוואָרנט, אַז אויב מיין זון וועט אויך מאָרגן ניט קומען צו דער אַרבעט, וועט זיין זייער שלעכט און ביטער מיט אונדז. דעם זעלבן טאָג זיינען אין געטאָ אַריינגעפאָרן צוויי דייטשן מיט פורן און באַפוילן אָנפילן זיי מיט ציגל. ווען מיר האָבן פאַרענדיקט די אַרבעט האָט איין דייטש, פאַר וועלכן כ׳האָב געאַרבעט, זיך אַרומגעקוקט צי קיינער הערט ניט און אַ זאָג געטאָן צו מיר: ״יודע, מאַך דאָס דו וועק קאָמסט פאָן היר, דען דו גייסט קאַפּוט״. ניט באַקומען פון מיר קיין ענטפער אויף זיינע רייד, האָט ער נאָך אַ מאָל געזאָגט דעם זעלבן זאַץ. איצטער האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און זיך אָפּגערופן, אַז כ׳האָב מורא צו ריידן מיט אים, ווייל ס׳איז אונדז פאַרבאָטן צו ריידן מיט אַ דייטש. ״אַך, אום גאָטעס ווילען, איך מאַך דיך גאָרניכט״! האָט דער דייטש אויסגערופן און זיך צעדרשנט וועגן דער נייער דייטשער ״קולטור״, וואָס מאָרדעט אומשולדיקע מענטשן, אַז די מלחמה גייט אים ניט אָן און אויב היטלער האָט צו טאָן מיט סטאַלינען, טאָ זאָלן זיי זיך שלאָגן איינער מיטן אַנדערן, ווי צוויי צערייצטע הינט.

ער האָט אויך דערציילט, אַז די אַרומיקע געגנט איז פול מיט פּאַר־טיזאַנער, וועלכע האָבן שוין דערהרגעט אַ סך דייטשן, ער איז זיכער, אַז מיר וועלן זיך דערשלאָגן צו די פּאַרטיזאַנער און זיך ראַטעווען פון טויט.

ביינאַכט זיינען מיר אַנטלאָפן פון געטאָ; מיר האָבן יעדן איינעם

פון אונדזער גרופע געגעבן א ברויטל — צידה לדרך, איך האָב אויך מיטגענומען א האק מיט טשוועקעס און די ביקס.

די נאכט האָט אונדז איינגעהילט מיט פינצטערניש, ווען מיר האָבן זיך געשארט אויף דער ערד, אונטער די שטעכיקע דראָטן, מיט הערצער פול פחד און תפילה צו גאָט, אז ער זאָל אונדז פירן אויף א ריכטיקן וועג. ווען מיר זיינען אלע אריבער אויף דער צווייטער זייט פון די געטאָ־דראָטן, האָבן מיר זיך געלאָזט לויפן, איינער נאָכן אנדערן.

הינט האָבן גענומען בילן און אויך זייערע באלעבאטים האָבן אונדז דערזען. ס׳האָט לאנג ניט געדויערט און זיי האָבן מודיע געווען די דייטשן, אז יידן אנטלויפן פון געטאָ. א פראָזשעקטאָר האָט צעשניטן די נאכט און א האָגל פון קוילן האָט אונדז באגלייט. באלד האָבן מיר דערהערט געשרייען און באמערקט ווי ליס מיט זיין פרוי פאלן טויט, ווי אונטער־געשניטענע זאנגען. מיר האָבן זיך אריינגעכאפט צווישן קוסטעס און געלעגן דאָרט א פּאָר שעה, ביז ס׳איז שטיל געוואָרן און מען האָט נאָר געהערט ווי ערגעץ־ווייט בילן הינט און פארגייען זיך אין א יללה. ערשט דעמאָלט האָבן מיר זיך דעצידירט צו לאָזן אין וועג, מיטן סעליובער טראקט. די נאכט איז געווען אונדזערע, ווייל די דייטשן האָבן מורא געהאט צו גיין ביינאכט אויף די וועגן, צוליב די פארטיזאנער.

דעם אנדערן טאָג זיינען מיר געזעסן פארשטעקט אין א וואלד, ניט ווייט פון סעליוב; די צווייטע נאכט זיינען מיר דערגאנגען ביז דעלאטיטש און מיר האָבן זיך געלאָזט צום טייך. דער ניעמאַן איז ביי די ברעגן שוין געווען געפרוירן, אָבער מען האָט אים געמוזט אריבערשווימען מיט א לאָדקע, ווייל אין מיטן טייך איז ער נאָך געווען פריי פון אייז.

איך האָב ניט ווייט פון יורדיקע געפונען א לאָדקע, אויפגעזוכט א דראָנג, אָנשטאָט א וויאָסלע, און זיך געלאָזט שווימען מיט מיין פרוי און קינדער איבערן טייך. שוין נאָענט פון צווייטן ברעג איז מיין טאָכטערל אריינגעפאלן אין וואסער; מיין פרוי האָט קוים באוויזן אָנצוכאפן זי ביים הענטל און ארויסשלעפן פון אייז־קאלטן וואסער. כ׳האָב זיך אומגעקערט צוריק צום לינקן ברעג טייך און אריבערגעפירט אלע מענטשן פון אונדזער גרופע. מיר זיינען באלד דערנאָך אריין אין וואלד און אוועק קיין בערעזין.

קומענדיק נאָענט צו בערעזין האָבן מיר אלעמען איבערגעלאָזט אין וואלד, נאָר איך מיט אברהמ׳לען זיינען מיר אוועק צו באקאנטע פויערים אין בערעזין, זייער אָרנטלעכע קריסטן, ביי וועלכע מיר פלעגן, אין די גוטע צייטן, קויפן פיש. ביי איינעם פון זיי האָט אברהמל געהאט באהאלטן זיינע זאכן.

מיר האָבן אין די אָוונט־שעה׳ן אנגעקלאפט אין טיר און אריין אין שטוב; מיר האָבן דאָרט געטראָפן דעם זעכצן יאָריקן זון פון אונדזער באקאנטן פויער. דער שייגעץ האָט זיך זייער דערשראָקן, דערזעענדיק די אומדערוואַרטע געסט, ער איז צוגעלאָפן צום לאָמפּ און פארלאָשן די קנויט. ער האָט אונדז דערציילט, אז מיט א טאָג פריער זיינען דאָ געווען די דייטשן און האָבן זיך איבערגעשאָסן מיט די פארטיזאנער. פּלוצלינג גיט ער א געשריי צו אינדז: ״א פּאָליציאנט גייט!״ קיין סך ניט געקלערט זיינען מיר ארויסגעלאָפן פון שטוב און אוועק פרובירן אונדזער מזל ביים קריסט, ווו אברהמ׳ל האָט באהאלטן זיינע זאכן.

אויך דאָ האָט אונדז געעפנט די טיר א יונגער שייגעץ; ער האָט אונדז געבעטן זיצן און איז אריין אין צווייטן צימער אויפצוּוועקן דעם טאַטן. ווי נאָר דער אלטער פויער איז אריין, האָט ער אונדזביידן ארומ־גענומען, געקושט און געוויינט. ער האָט באפוילן דעם זון צו ברענגען עסן און זיך נאָכגעפרעגט וועגן אונדזערע משפחות.

מיר האָבן אים דערציילט, אז מיין פרוי מיט די קינדער, אברהמ׳לס זון ניאָמע און נאָך עטלעכע יידן זיצן אין וואלד און ווארטן אויף אונדזער צוריקקער. ער האָט געבעטן, אז קיינער פון זיי זאָל צו אים ניט קומען, נאָר מיר ביידע; ער וועט אונדז באזאָרגן מיט עסן און טאָן פאר אונדז אלץ, וואָס ער וועט נאָר זיין בכוח. ער האָט אונדז טאקע מיטגעגעבן ברויט, א קריגל פּוטער, קעז, צוויי רידלען און א זעג. אברהמ׳ל האָט ביי אים געפרעגט אן עצה, ווו מיר זאָלן אויפבויען א זעמליאנקע. ער האָט אָבער זיך אָפּגעזאָגט צו ענטפערן אויף דער פראגע, ווייל טאָמער וועט מען אונדז געפינען וועלן מיר, אָן ספק, חושד זיין, אז ער האָט אונדז אויסגעגעבן און פארקויפט זיין געוויסן צום טייוול. מיר האָבן אין זיינע רייד דערפילט די ערלעכע כוונות זיינע און די ריינקייט פון זיין

